רחל פייגענבערג



# א פנקס

## פון א טויטער שטאט

(חורבן-דובאָווע)



פאַרלאַג „אחיספר" וואַרשע

Printed in Poland

# א פּנקס

## פון א טויטער שטאט

(חורבן-דובאָווע)



ר׳ משה אהרן בערדיטשעווסקי,
דער רב פון דובאָווע, דערהרגעט געוואָרן פון קאזאקאָוס באנדעס, י״ב אב תרע״ט.



מענדל בערדיטשעווסקי,
זון פון דובאָווער רב, אומגעקומען פון קאזא־קאָווס באנדעס, י״ב אב תרע״ט.



חנניה שוואַרצמאַן,
דערהרגעט געוואָרן פון די באַנדעס פאָגראָמשטשיקעס אין דובאָווע



די פאַרמוטשעטע און צעקאַליעטשעטע ז ל אַ ט ע  פ ו ר מ אַ ן מיט
אירע צוויי קינדער. דער מוטער מיטן ייִנגל האָט מען צעהאַקט און
צעקאַליעטשעט די הענט און דעם מיידעלע האָט מען אויסגעהאַקט
אַן אויג.

## א.

אין די אַלטע צייטן איז דובאָווע געווען אַ פּויליש־פּריצישע נחלה פונם פּאָדוויסאָטער „שליסל". דאָס זענען געווען צוועלף דער־פער, אַרומגערינגלט מיט וואַלד פון אַלטן דעמב, פייכט־גרינע לאָנקעס און געבענטשטע תבואה־פעלדער, וועלכע האָבן אָנגעקערט די פירשטן טשעטווערטינסקי. דערנאָך זענען זיי געווען די גיטער פון די קאַר־זשאָווער פּריצים. שפּעטער זענען די נחלות פּאָדוויסאָטער „שליסל" פאַרקויפט געוואָרן טיילווייז און דובאָווע האָט געקויפט דער גרעק ראַדאָקנאַאַקי. פון אים איז עס אַריבער צום רוסישן גוטבאַזיצער דוד,לין. דאָס איז שוין געווען די לעצטע יאָרן, דובאווע איז פאַר־בליבן אַ גאַנץ קליינע נחלה, ווייל די ערד אַרים שטעטל מיט די לאָנקעס און וועלדער האָט ראַדאָקנאַאַקי פאַרקויפט די פויערים פון די אַרומיקע דערפער, וועלכע האָבן זיך אין פעלד געבויט הייזער און איינגעפינדעוועט באַלעבאַטישע הויפן, לויטן פאַרמעגלעך דאָרפישן שטייגער. דאָס זענען עס געווען די אַזוי גערופענע „כוטאָרעס" — קליינע איינציקע ישובים, וואָס זענען געלעגן צעוואָרפן אַרום שטעטל.

לויט אָפּיציעלע קוועלן איז די התחלה פאַר אַ יידישן ישוב געמאַכט געוואָרן אין יאָר 1779. ביז יענער צייט איז עס געווען אַ קליין דערפל פון עטלעכע פויערישע שטיבלעך, וואָס דער פּריץ האָט אויסגעבויט פאַר זיינע פּאָדוויסאָטער קנעכט, זיי זאָלן אויסהאַקן און אויסוואָרצלען דעם אַלטן דעמב. ביי דעם אומאַנער טראַקט האָט דער פּריץ געוואָלט אויסבויען אַ שטאָט. צוליב דעם צוועק האָט ער אין וואַלד אויסגעבויט אַ קרעטשמע און האָט דאָרט באַזעצט אַ יידישן פאַכטער. דערדאָזיקער פאַכטער איז עס געווען דער ערשטער יידי־שער תושב פון דובאווע.

די לעצטע יאָרן זענען אין שטעטל געווען מער יידן, ווי קריסטן. לויט דער ציילונג פון דער צוקער־קאָמיסיע ביים דובאָווער קאָאָפּעראַטיוו, האָט דובאָווע פאַרמאָגט אין יאָר 1918—1050 קריסטלע־כע נפשות און 2500 יידישע.

דאָס שטעטל ליגט אַכצן וויאָרסט פון אומאַן. דער טראַקט אין שטאָט אַריין פירט דורך רייכע דערפער און פויערישע נחלות. דובאָווע איז איצט אויך אַרומגערינגלט מיט קליינע וועלדלעך פון אַלטן דעמב. נאָר ווייט און ברייט שפּרייט זיך דער אַרומיקער רייכער ישוב פון די בליענדיקע אוקראַינער דערפער און צווישן פעלדער און לאָנקעס—די איינגעפונדעוועטע פויערשע הויפן פון די אויפגעקו־מענע כוטאָר־פויערים. צווישן דאָרף און שטעטל פליסט דער שמאָלער טייך יאַטראַן מיט זיינע טיפע שטילע וואַסערן צום בוג און ביי די העלגעוואַשענע ברעגן זיינע בליען די פּוי־ערישע סעדער און גערטנער. אויפן הויכן ברעג גרינט דער אַלטער דובאָווער פּאַרק מיט זיינע טונ־קעלע אַלייען און באַרג־אַרויף באַוואַכט די געגנט מיט פּאַטריאַרכאַ־לישן שטאָלץ און אַלטפריצישער היימלעכקייט דער קאָרזשאָווער פּאַ־לאַץ אַרומגעפלאַנצט מיט בלומען אוןביימער. ביים טייך שטייט אויך די גרויסע מיל, וועלכע האָט געשפּייזט די דובאָווער יידן.

אַלע זענען זיי געווען „פּראַמאָלטשיקעס". פון די דרייהונדערט יידישע פאַמיליעס, וואָס זענען געווען אין דובאָווע, האָבן הונדערט מיט זיבעציק געהאַנדלט מיט מעל, די איבעריקע זענען געווען בעלי־מלאכות און קרעמער. דאָ̃ערשטיק אויפן יריד פלעגן די אַרומיקע פויערים צונויפירן זייערע תבואות. די דובאָווער יידן האָבן געקויפט, געמאָלן אין דער דובאָווער מיל און געפירט קיין אומאַן, אָדער טראַנספּאָרטירט אין אַנדערע שטעט. די דובאָווער יידן האָבן שטאַרק

אַנטוויקלט דעם תּבואה-האַנדל אינם דאָזיקן שטעטל. די דאָרטיקע מיל האָט געזעטיקט מיט שפע די אַרומיקע פויערישע באַפעלקערונג, נאָר זיי אַליין האָבן קוים געצויגן זייער יידיש־קליינשטעטלדיקע חיונה. קיין גבירים זענען צווישן זיי נישט געווען.

נאָר אין די לעצטע יאָרן פון דער מלחמה, פון רעוואָלוציע, ווען מעל איז געוואָרן דער וויכטיקסטער פּראָדוקט אין לאַנד, האָט זיך פאַר די דובאָווער יידן געעפנט אַן אוצר. דאָס רייכטום פון שטאָט האָט געפלאָסן אין אַ גאָלד-שטראָם צו דער פויערשער באַפעלקערונג פון דאָרף פאַר אַ ביסן ברויט. עס האָט אָבער נישט געקאָנט אויסמיידן קיין יידישע הענט און ס׳איז צום יידן אויך אָנגעקומען אַ קווינטעלע פון די אוצרות, וואָס דער אוקראַינער פויער האָט פעס־לעך געזאַמלט און אין דער שוואַרצער ערד פאַרגראָבן.

נאָר צו דער צייט האָט זיך דער באַרייכטער דאָרפס-באַלעבאָס מתקנא געווען אין דעם יידן, וועלכער האָט גערעשט מיט זיין אויפ־געקומענער גבירעשאַפט, וואַרפנדיק מיט געלט אויף טייערע קליידער און צירונג. פריער זענען אין דובאָווע קיין קריסטלעכע „פּראַמאַל־טשיקעס" נישט געווען. דער איינציקער איז געווען דער גלח, וואָס האָט געהאַט אַ שוואַכקייט צו דידאָזיקע יידישע געשעפטן; פלעגט ער אויך מאָלן בשותפות מיט אַ יידן. נאָר אין די לעצטע יאָרן, ווען מען האָט יידן אָנגעהייבן פאַרפאָלגן אַלס שפּעקולאַנטן און צונעמען אויפן וועג ביי זיי די סחורה—גלייכצייטיק האָט דער פויער געמעגט פירן אין שטאָט אַריין די פּראָדוקטן פון זיין פעלד און באַלעבאַ־טישקייט פראַנק און פריי — דאַן גליטשט זיך אַרויס דער דובאָווער מעל־האַנדל פון יידישע הענט און דעם יידן קומט אויס צו לעבן מיט די חסדים פון פויער. יעעס מאָל, וואָס ער גיט זיין נאָמען אויף אַ יידישער פור מעל קיין אומאַן, נעמט ער פאַר זיך דעם גרעסטן חלק פונם ריוח און טוט דערביי אַ גרויסע טובה. און פאַר־גלוסט זיך אַ פריילעכער חברה פויערים־יונגען, וואָס זיצן שוין אומע־טום ביי דער מאכט, רעקווירט מען דאָס יידישע מעל און מען צע־טיילט עס צווישן די אָרעמע פויערים-פאַמיליעס פון דאָרף!

אַזוי האָבן געלעבט די דובאָווער יידן אינם יאָר תּרע״ט, ווען עס האָט זיך אָ געהייבן דער חורבן פונם יידישן ישוב אין אוקראַינע.

## ב.

דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן איז געווען זייער שוואַך אַנטוויקלט ביי די דובאָווער יידן. די דערציונג פון די קינדער האָט זיך גע־האַלטן אויפן אַלטן שטייגער. פון פינסטער ביז פינסטער האָבן די יינגלעך אין די „חדרים" געלערנט. די באַגאַבטע קינדער מיט די גוטע קעפּ זענען דערנאָך אַריבער צו דוד דעם שוחט, וועלכער האָט געזאָלט זיין דער ממלא מקומו פונם אַלטן רב און די געציילטע עלויים האָט מען געשיקט אין די ישיבות אַריין נאָך סמיכה אויף רבנות און קבלה אויף שחיטה. אין דער זעמסקער שול האָבן נאָר געלערנט די מיידלעך פון די פאַרמעגלעכע יידישע פאַמיליעס אין דובאָווע. דאָרטן האָבן אויך געלערנט די פאַרמעגלעכע קריסטלעכע קינדער. אויפן זומער פלעגן אויך קומען קיין דובאָווע סטודענטן אוז קורסיסטקעס פון דער פרעמד געבן שטונדן, נאָר די עקסטרן־באַוועגונג פון דער יידישער יוגנט, וואָס האָט אַזוי באַהערשט אַלע שטעט און שטעטלעך, האָט אויף דובאָווע קיין שליטה נישט געהאַט. כאָטש דאָס שטעטל איז אַזוי נאָנט פון אומאַן.

געשטודירטע קינדער זענען נאָר געווען ביי גדליה קאָרעצקי און ביי דעם אַדוואָקאַט נעסטראָווסקי. דידאָזיקע היימישע אינטעליגענטן האָבן אינאיינעם מיטן רבס זון, מענדל בערדיטשעווסקי, אין דער צייט פון קערענסקין, געגרינדעט אין שטעטל אַ יידישע פאָלקס־שול, וווּ זיי האָבן אַליין געלערנט העברעיש, יידיש און רוסיש. אויך האָבן זיי איינגעלאַדן דעם דובאָווער מלמד פּסח זבארסקי אויף צו לערנען גמרא, נאָר די דובאָווער יידן האָבן זיך מיט דער יידישער שול נישט אינטערעסירט. אפילו אַ דירה האָט קיינער נישט געוואָלט פאַר־דינגען, און מען האָט געמוזט לערנען מיט די קינדער אין „עזרת־נשים" פון קלויז.

אַחוץ דידאָזיקע געציילטע אינטעליגענטן, וועלכע זענען אַלע געווען ציוניסטן, האָט דובאָווע פאַרמאָגט אַ יידישן אַפּטייקער, וואָס האָט זיך געשעמט מיט יידישקייט, ווי גאָר אין די אַלטע רוסיש־יידישע השכלה־צייטן. ער מיט דער פרוי האָבן געשטאַמט פון אינ־טעליגענטע פאַרמעגלעכע משפחות אין אומאַן. אין דובאָווע האָבן זיי זיך מיטן יידישן קבוץ לחלוצים נישט אָנגעקערט. באַפריינדעט זענען

זיי געווען בלויז מיט קריסטן. פון זייערע שטענדיקע באַזוכער זענען געווען דער זעמסקער פעלדשער דעוויאַטקין, וועלכער איז קראַנק געווען אויף יידן־האַס, די אַקושערין שנורוק מיט איר מאַן, דעם אַגענט פון אַסעקוראַנץ־געזעלשאַפט,ביידע פאַרביסענע יידן-פיינט און דער שוואַר־צער שומר פון דער אַלטער אָרדענונג, פריסטאַוו יאַנאָוויטש מיטן ווייב. נאָר אין דובאָווע האָט מען דערויף געקוקט, ווי אויף אַ נאַטירלעכע דערשיינונג. אויף דערויף איז ער אַן אַפּטייקער, ער זאָל פיינט האָבן יידן און חברן זיך מיט שונא ישראל.

נאַטירלעך, איז אויך געווען דער אַדוואָקאַט נעסטראָווסקי מיט זיין חלול שבת בפרהסיה און חזיריש־טרפהער קיך פון זיין פאַר־גויעשט הויז, ווו מען האָט אויף יידיש-קהלשע אָנגעלעגנהייטן און יידישער נויט זעלטן ווען געגעבן אַ קופּערנעם גראָשן. אפילו זיינע אינטעליגענט-ציוניסטישע איידעמס האָבן דערצו נישט געקאָנט העלפן.

און דער רב פונם שטעטל איז אויך געווען פון דער אַלטער וועלט. ער, דער זקן, ר׳ משה אהרן בערדיטשעווסקי, וועלכער האָט זוכה געווען מיכּה יוספן פאַר אַ זון צו האָבן, איז געווען אַ איש תּם.

זיין עדה יידן האָט זיך נאָכגעיאָגט נאָך עשירות און כּבוד. גרויסע סוחרים זענען געווען די דובאָווער יידן, דער מעל־האַנדל איז ביי זיי געוואַקסן פון יאָר צו יאָר און מיט די גרויסע געשעפטן איז ביי זיי געוואַקסן די קנאה און שנאה פון איינעם צום אַנדערן און די תּאווה צו געלט. זייערע אויגן זענען נישט זאַט געוואָרן מיט קיין גאָלדענע צענערלעך, מיט קיין ניקאָלאַיעווער געלט, קערענקעס, קראָנען און פונטן. איבערהויפּט האָבן זיי זיך מיט די געבענטשטע גרינע טויזנטער נישט געקאָנט אָנזעטיקן. ביז דער לעצטער מינוט פאַרן טויט האָבן זיך די דובאָווער יידן נישט געקאָנט צעשיידן מיט זיי.

גרויסע סוחרים זענען געווען דובאָווער יידן, זיי האָבן געוווּסט וואָס געלט באַטייט, נאָר דער רב פון דער דובאָווער עדה יידן איז געווען אַ גרויסער עניו און האָט ממש קיין צורת מטבע נישט געוווּסט.

דער דובאָווער רב האָט געהאַט אַ פאַמיליע, אין דער יוגנט זע־נען ביי אים געווען קליינע קינדער וועלכע מען האָט געדאַרפט מפרנס זיין. דערנאָך זענען אויסגעוואַקסן זין צו אַ פּריזיוו און טעכ־טער חתונה צו מאַכן, נאָר פון די אַלע זאַכן, וואָס זענען שייך צו געלט, האָט געוווּסט בלויז די רביצן. עפּעס האָט איר קהל צוגע־

טיילט הייוון צו פאַרקופן און זי האָט זיך דערמיט געזעשט משבת לשבת.

און געווען איז מיט יאָרן צוריק אַ גוטער גוי, אַ קאַצאַפּ, וועל־כער האָט געהאַלטן די מיל אין אַרענדע. האָט ער נישט געקאָנט צו־זען דעם צער, ווי אַזוי די רביצן גייט אום אַלע דאָנערשטיק מיטן זאַק באָרגן אַ פּוד מעל, איז אים איינגעפאַלן צו צווינגען די יידישע מעל־הענדלער, זיי זאָלן פון יעדן זעקל אַראָפּגעבן אַ פונט מעל פאַר דעם ערלעכן גוטן ראַבין און פון דעמאָלט אָן איז עס שוין אַ חזקה גע־וואָרן. נאָכן גוטן קאַצאַפּ האָבן זיך געביטן עטלעכע יידישע מיל־נערס, נאָר דער מנהג פונם פונט מעל פאַרן רב איז שוין געבליבן אויף תּמיד. נאָך דער שרפה, אַז מען האָט אויסגעבויט די דאַמף־מיל און דער האַנדל פון מעל אין דובאָווע האָט זיך פאַרגרעסערט, איז די רביצן אַזוי רייך געוואָרן אין פונטן מעל, אַז זי פלעגט באַקן אויף שבת חלה פאַר אַלע אלמנות און יתומים פונם שטעטל.

נאָר דאָס אַלץ האָט זיך צום רב נישט אָנגעקערט. ער האָט זיך מיטן חומר נישט אינטערעסירט. יום ולילה איז ער נאָר געזעסן און געלערנט, און האָט אים גאָט צוגעשיקט אַ מצווה, האָט ער אים געדאַנקט פאַר זיין חסד און האָט זי געטון בשלימות.

אַזוי האָט ער מיט אַ סך יאָרן צוריק אויסגעהיילט זיין עדה יידן פון פיבער. קיין דאָקטאָר איז אין שטעטל נישט געווען, די דו־באָווער יידן זענען דאַן געווען גרויסע אָרעמע לייט, איז דער רב זייערער געפאָרן קיין אומאַן און האָט צונויפגעמאַכט דאָרטן אַ ביסל געלט. פאַרן געלט האָט ער געקויפט כינין מיט אַ וואָג־שעלעכל, ווי מען נוצט אין די אַפּטייקן און אינדערהיים האָט זיך שוין אָפּגע־געבן דערמיט די גאַנצע פאַמיליע, די רביצן מיט די קינדער, צווישן וועלכע ס׳איז אויך געווען דער קליינער מיכה יוסף. האָבן אַלע גע־מאַכט פּראָשקעס. דערנאָך איז דער רב אַליין אַרומגעגאַנגען יעדן טאָג פון שטוב צו שטוב און האָט אַלעמען איינגעגעבן די רפואה, אַזוי־אַרום איז דאָס שטעטל געזונט געוואָרן.

אין קהלשע זאַכן האָט זיך דער דובאָווער רב נישט געמישט. ער האָט פיינט געהאַט סכסוכים, דין תּורות און גטן. בכלל איז ער געווען זייער נישט צופרידן, ווען מען האָט אים אָפּגעריסן פון לער־נען. אַזעלכער איז ער געווען די אַלע פופציק יאָר, וואָס ער איז געווען רב אין דובאָווע.

אַחוץ דעם רב האָט נאָך דאָס שטעטל שטאָלצירט מיטן לומדות, פרומקייט און ערלעכקייט פונם גמרא־מלמד פסח זבאָרסקי, וועלכער איז געזעסן אין זיין אייגן קליין שטיבל און האָט אין דער שטיל תּורה געלערנט. אַ צירונג פאַר גאָט און לייט איז אויך געווען אָמ־צעניו. געווען איז עס דער דובאָוועך עלוי אברהם אוקעלמאַן, וועל־כער איז אויסגעוואַקסן אַ בן יחיד ביי זיין מאַמען, דער יונגער אלמנה. זי האָט אים געשיקט לערנען אין די גרויסע ישיבות פון ליי־טע, ווו ער האָט צו זיבעצן יאָר באַקומען סמיכה אויף רבנות און האָט געזאָלט זיין אַ גאון בישראל. אויך פלעגט זיך דובאָווע באַרי־מען מיט גוטע און פרומע באַלעבאָסטעס, וואָס האָבן די תּלמוד־תּורה־יינגלעך מיט „טעג" געשפּייזט, און געווען איז נאָך זלאַטע די קצבטע מיט דער ברייטער געבענטשטער האַנט, וועלכע פלעגט קאָכן אַלע אויף דער נאַכט אַ פליישיקע וויעטשערע פאַר בכבודע אָרעמעלייט, יענע זאָלן עס נעמען אַליין און עסן צו זעט.

## ג.

כלל־טוער זענען אויך געווען אין דובאָווע. די שענסטע פּער־זענלעכקייט אין שטעטל איז געווען גדליה קארעצקי. ער איז אויך געווען אַ ציוניסט (אַחוץ ציוניסטן זענען אין דובאָווע קיין אַנדערע פּאַרטיי-לייט נישט געווען). געשטאַמט האָט ער פון אַן אָרעמער אַנ־שטענדיקער פאַמיליע. זיין פאָטער איז געווען אַ פּשוטער דאָרפס-ייד, נאָר ער האָט געהאַט אײדעלע געדאַנקען בנוגע דער דערציונג פון זיינע קינדער. גדליה איז געווען אַ גרויסער העברייער. אַלס דער־וואַקסענער מענטש האָט ער באַקומען אַ מאַטורע פון דער רו־סישער גימנאַזיע און איז געווען אַ סטודענט, נאָר צוליב מאַטעריעלע סיבות האָט ער די אוניווערזיטעט נישט געענדיקט.

אין דובאָווע איז גדליה קארעצקי אַ סך יאָרן געווען פאַרוואַל־טער פון ראַדאָקאַנאַקיס גיטער. דערנאָך האָט ער געהאַנדלט מיט תּבואה און איז געווען אַ גרויסער סוחר, נאָר זיין אַרט לעבן איז געווען זייער באַשיידן. די טעכטער האָט ער געגעבן הויכע בילדונג,

געשיקט זיי שטודירן אין די רוסישע הויפּט־שטעט און אין שטוב האָט מען אפילו קיין דינסט נישט געהאַלטן. זיין פרוי, גישע קארעצ-קי, איז געווען אַ פּשוט ווייבל, וועלכע האָט זיך צו די עלטערע יאָרן אויסגעאיידלט לויטן מוסטער פונם מאַן מיט די קינדער. זיין אידעאַל איז געווען פיזישע אַרבעט. אַליין פלעגט ער האַלטן אין אָרדענונג זיין הויף, ווי אַ גוטער משרת און זי האָט אויך שטאָל־צירט מיט איר שטוביקער בריהשאַפט פאַר די אויפגעקומענע באַלע־באָסטעס פון דובאָווע, וואָס האָבן זיך נישט געקאָנט באַגיין אָן קיין דינסטן.

די לעצטע יאָרן האָט די פאַמיליע קארעצקי געלעבט זייער קאַרג, ווייל פון זינט עס האָט זיך אָנגעהייבן די שפּעקולאַציע, האָט ער אויפגעהערט צו האַנדלען און האָט דורכאויס געלעבט אויפן גע־ציילטן גראָשן. אינגאַנצן האָט ער זיך צו דער צייט געווידמעט דער כלל־אַרבעט. זיין הויז איז תמיד געווען דער צענטער פון אַלע יידיש־קהלשע אינטערעסן אין דובאָווע און ער אַליין, דער געוויקסיקער שטאָלצער ייד מיטן פרי-געעלטערטן קאָפּ זיינעם, האָט אומעטום פאָרגעשטעלט די יידישע קהילה פונם שטעטל, ווו ער איז געווען אַ קרוין און אַ צירונג. אין אַלע דריי רוסישע דומעס איז ער געווען דער קרייז-וויילער פון גאַנץ אומאנשטשינע. אין דער צייט פון דער רעוואָלוציע האָט ער געגרינדעט אין דובאָווע אַ יידישן קאָאָפּעראַטיוו און איז דאָרטן אומזיסט אַליין געווען בוכהאַלטער. אין דער וואָ־לאָסטנאָיע זעמסטווע פאַר קערענסקין האָבן אים איינשטימיק אויסגע-ווילט יידן און קריסטן, און אין דער צייט פון די באָלשעוויקעס האָט מען אים אויך אַזוי געוויילט אין „איספּאָלקאָם”, כאָטש ער האָט עפנטלעך דערקלערט, אַז ער איז אַ ציוניסט און אַזעלכער פאַרבלייבט ער. נאָר אין „איספּאָלקאָם” האָט ער לאַנג נישט געקענט פאַרבלייבן. ס׳איז אים געווען שווער דורכצופירן די פאַראָרדענונגען וועגן יידישע שפּעקולאַנטן, וועלכע מען פלעגט כאַפּן מיט פורן סחורה, לויערנדיק אויף זיי אין די פינסטערע נעכט אויף אַלע וועגן און שטעגן. ער האָט געזען, ווי אַזוי יידן ווערן רוינירט. די נעכ־טיקע פאַרמעגלעכע באַלעבאַטים און אויפגעקומענע גבירים ווערן אין איין נאַכט אביונים און בעטלער ביי גויעשע טירן, און ער האָט זיך אָפּגעזאָגט פון זיין אַמט ביי דער מאַכט, אַרבעטנדיק דורכאויס אינם יידישן קאָאָפּעראַטיוו, וואָס ער האָט געגרינדעט אין שטעטל.

## ד.

און נאָך אַ כּלל־טוער האָט פאַרמאָגט דובאָווע.

געווען איז עס דער בעל־טאַקסע שמואל יצחק שקאָדניק. אין דער יוגנט האָט ער געהאַנדלט מיט פערד און איז געווען אַן אָרע־מאַן. דערנאָך איז ער רייך געוואָרן און האָט געהאַט וועלדער, מילן און גוראַלנעס. אויך האָט ער יאָרן־לאַנג געהאַלטן אין דובאָווע די טאַקסע. געווען איז עס אַ גדלן און אַ וועלטלעך־געשליפענער עם־הארץ מיט אַ גוט האַרץ. ער האָט זיך ליב געהאַט צו מישן אין קהל־שע זאַכן און האָט גערודפט יעדן איינציקן, וואָס האָט געוואַגט זיין כּבוד אָנצורירן.

דער דאָזיקער ייד מיט די שטאַרקע אַמביציעס זיינע האָט גע־שטרעבט צו זיין פּאָפּולער צווישן דעם המון. תּמיד האָט ער געקעמפט מיטן רב און מיט די לומדים פון שטעטל און זיין צד איז דורכאויס געווען דער בעל־עגלהשער מניק. אין דער אַרומיקער פויערשער סביבה איז ער געווען זייער געשעצט. פונם אַמאָליקן פערד־האַנדל אויף די ירידים האָבן אים געקענט קליין און גרויס. אויך פלעגט ער ליב האָבן אַן אָרעמען פויער אַ טובה צו טון און גאַנץ אָפט לייען אַ גמילות חסד אויף אַ פערד אָדער אַ קי צו קויפן. ער האָט אַ יידישן אָרעמאַן אויך מיטגעפילט. נאָר ביים קהלשן טיש האָט ער אַליין גע־וואָלט זיין באַלעבאָס, און האָט געקעמפט מיט יעדן איינציקן, וואָס האָט זיך אים געשטעלט אַנטקעגן.

שקאָדניק האָט ליב געהאַט צו לעבן שיין. ער האָט געהאַט אין דובאָווע אַ פריציש הויז, אַרומגעפלאַנצט מיטביימער און אַ טייַ־ערן פרוכט־גאָרטן ביי דער שטוב. קיין קינדער האָט ער נישט גע־האַט, נאָר ביי אים איז אויסגעוואַקסן זיין ווייבס אַ שוועסטערס אַ מיידל, וועלכע איז אים געווען, ווי אַן אייגן קינד. דער מיידלס מאַ־מע איז נישט געווען קיין לייט. זי האָט אַוועקגעוואָרפן דעם מאַן מיטן קינד און האָט זיך פאַרליבט אין אַ גוי. דערנאָך איז זי מיט אים אַוועק קיין אומאַן און האָט דאָרטן אַלע יאָרן געלעבט מיט אים אויף דער גויעשער גאַס, ביז זי האָט זיך לסוף געשמדט. אין דובאָווע האָט מען זי גערופן „כריסטיע".

נאָר דאָס מיידל אירס איז אויסגעוואַקסן ביי שקאָדניקן אין

שטוב און איז געווען זייער אַ פײַן קינד. דער פעטער האָט זי שיין חתונה געמאַכט, געגעבן איר אַ חזן פאַר אַ מאַן און אויף ווייטער אויך פון איר קיין אויג נישט אַראָפּגענומען, ווי פון אַן אייגענער טאָכטער. ביי אים האָבן זיך אויך דערצויגן אירע עלטערע צוויי קינדער.

געווען זענען עס צוויי שיינע און באַגאַבטע מיידלעך. אַלס קינדער האָבן זיי ביידע געענדיקט די זעמסקע שול אין דובאָווע. אין דערהיים האָט דער זיידע צו זיי געהאַלטן אַ העברעישע לערע־רין און אַ צווייטע לערערין אויף פּיאַנאָ שפּילן. דערנאָך האָט ער זיי ביידן אַוועקגעשיקט לערנען קיין אומאַן. די עלטערע, פייגע־וויטעלע, איז אָנגעקומען אין קאָמערץ־שול און די קלענערע, עטעלע, האָט גע־לערנט אין גימנאַזיע. שקאָדניק מיטן ווייב האָבן זיך נישט געקאָנט אָנשפּיגלען צו דער זעט אין די דאָזיקע צוויי קינדער. אין אומאַן האָבן זיי געלעבט, ווי פּריצישע טעכטער און אויפן זומער פלעגן קו־מען די מיידלעך קיין דובאָווע צום זיידן. דעמאָלט איז ביי שקאָד־ניקן אין הויז זייער פריילעך געווען. די צוויי שוועסטער זענען גע־ווען זייער שיין. ביידע האָבן זיי געשפּילט און געזונגען. די פענס־טער פון די ליכטיקע הימלעכע צימערן זענען געווען אָפן אינם אויפגעבליטן פּרוכט־גאָרטן און די יוגנט פונם שטעטל האָט אין דער שיינער און רייכער שטוב פונם בעל־טאַקסע גערן פאַרבראַכט די צייט.

שלעכט איז נאָר געווען, וואָס די צוויי שיינע און רייכע מייד־לעך האָבן נישט ליב געהאַט קיין יידישע יונגעלייט. זיי זענען ביי־דע געווען אוקראַיִניש געשטימט, גערעדט אוקראַיִניש און איבערהויפּט געזוכט זיך צו באַגעגענען מיט דער אוקראַיִנער יוגנט.

אַזוי האָט די אומאַנער גימנאַזיע געווירקט אויף די צוויי שיי־נע יידישע מיידלעך פון דובאָווע. אמת, די עלטערע שוועסטער, די געוויקסיקע און היפּש־אויפגעבליטע פייגע־וויטעלע, איז נאָך אין דער־היים געווען אַן אוקראַיִנקע. נאָך אַלס קינד, לערנענדיק אין דער זעמסקער שול, האָט זי ליב געהאַט צו רעדן אוקראַיִניש און זינגען אוקראַיִנישע לידער. אַלצדינג, וואָס יידיש איז, האָט זי פיינט גע־האַט. נאָר די צאַרטע און וווּנדער־שיינע עטעלע איז געווען אַ הייסע יידישע נאַציאָנאַליסטין. זי האָט גערן געלערנט העברעיש און האָט תמיד געשפּילט און געזונגען יידישע פאָלקס־ניגונים.

אין אומאַן זענען זיי ביידע געוואָרן הייסע אוקראַיִנערינס. די

צוויי־דריי אינטעליגענטע יונגעלייט, וועלכע פלעגן זיי אָפט באַזוכן אין אומאַן, האָבן תמיד ביי זיי געטראָפן אוקראינער גימנאַזיסטן און יענע האָבן זיך געהאַלטן אַזוי פרעך און אַזוי גראָב מיט די יידישע געסט פון די יידישע צוויי מיידלעך, אַז די דובאָווער בחורים האָבן אַלע געמאַכט איין האַנט נישט צו באַזוכן מער די צוויי רייצנדיקע שיינע שוועסטער אין דערהיים. זייער שטענדיקער באַזוכער איז אי־בערהויפט געווען דער פּויער־יונג פון דובאָווע, מאַרקעלאַ ברישקאָ.

## ה

אַחוץ דעם פיינעם ציוניסטישן אינטעליגענט גדליה קאַרעצקי און דעם קהלשן כבוד־זוכער שמואל־יצחק שקאָדניק, האָבן די דובאָ־ווער שמאָלע געסלעך פאַרמאָגט אויך זייערן אַ כלל־טוער. געווען איז עס דער שטעלמאַכער משה שוואַרצמאַן.

אַ געבוירענער איז ער געווען פון גאַלאָוואַניעווסק ביי אַן אָרי־מען טאַטן אַ קרעמער. אין „חדר" האָט ער געלערנט ביז צען יאָר, דערנאָך איז ער ביז זעכצן יאָר אַרימגעגאַנגען ליידיק און איז אַליין אַוועק זיך לערנען אַ מלאכה. שפּעטער האָט ער חתונה געהאַט קיין כאַשטשעוואַטע און האָט זיך אין דריי יאָר אַרום באַזעצט אין דובאָ־ווע, ווו עס האָבן געוווינט דעם פאָטערס פאַרמעגלעכע קרובים.

ער האָט געהאַט אַ רעדער־וואַרשטאַט און האָט געאַרבעט שווער אויף חיונה פאַר ווייב און קינד, נאָר תמיד האָט ער געקריגן צייט פאַר שטעט׳דיקע אָנגעלעגנהייטן. יעדער כלל־אינטערעס האָט אָנגע־רירט אים פערזענלעך און ער פלעגט זאָגן דעות ביים קהלשן טיש, ווו עס זענען געזעסן די דובאָווער קלוגע באַלעבאַטים און לומדים. נאָר תמיד האָט ער גערעדט צו דער זאַך און מען האָט אים געמוזט אויסהערן. דערביי פלעגט ער מיט זיך פאָרשטעלן דאָס האָרעפּאַשנע יידישע דובאָווע. פאַר דער אַלטער אָרדענונג האָט מען זיך ווייניק וואָס אומגעקוקט אויף דידאָזיקע חברה־לייט. דאָך פלעגט מען מורא האָבן פאַר זייערן אַן עזות־פנים און אַ שרייער, וואָס האָט זיך גע־מישט אומעטום, און אַלס אַזעלכער איז משה שטעלמאַכער די דובאָ־

ווער קהלס-לייט געווען צום האַרצן. ער איז געווען פונם פאַרגרעבטן שוסטער-געסל, נאָר אַ בכבודער זייערער אַ מענטש. ער האָט געהאַט איידעלע געדאַנקען, געקאָנט רעדן מיט אַ מענטשן, און האָט זייער גוט פאַרשטאַנען אַן ענין, און אַלס אַזעלכן האָבן די דובאָווער „פני-העיר" געגעבן אים צווישן זיך אַ פּלאַץ אין דער געוועזענער „מעשטשאַנסקער אופּראַווע".

דאָס איז געווען די העכסטע שטופּע פון געזעלשאַפטלעכקייט, וואָס משה שטעלמאַכער האָט דערגרייכט פאַר דער אַלטער אָרדענונג, אין דובאָווע. נאָר זיינע אמתע זיבן גוטע יאָר הייבן זיך ערשט אָן נאָך דער רעוואָלוציע. ביי דעם יידישן המון פון שטעטל איז ער געווען אַן אייגענער מענטש. אויך איז ער זייער באַליבט געווען ביי דער פויערשער באַפעלקערונג פון די אַרומיקע דערפער. ס'איז נישט גע־ ווען די אָנערקענונג פונם געוועזענעם פערד-הענדלער שמואל-יצחק שקאָדניק, וועלכער האָט געפירט אַ פריציש לעבן און פלעגט טון טובות אָרעמע גוים אויפן שטייגער פון אַ גוטן איבערגעזעטיקטן פריץ. משה שטעלמאַכער איז געווען זייערס אַ גלייכן. פאַר דער גאַנצער אַרומיקער סביבה האָט ער געמאַכט רעדער צו די פויערשע וועגן זייערע און, שטייענדיק ביי דער אַרבעט, האָט ער זיך מיט יעדן פויער געמיטלעך צונויפגערעדט, גענומען אינאיינעם אַ טרונק בראָנפן און צוגעווינטשעוועט זיך איינס דאָס אַנדערע. דערצו איז ער געווען אַ קבצן, תמיד האָט ער געדאַגהט, וואָס ער דאַרף באַקליידן און באַ־ שוכן זיינע זיבן קליינע קינדער. דעם איינציקן בורזשואַזן לוקסוס, וואָס משה שטעלמאַכער האָט זיך פאַרגונען, איז עס — געגעבן בילדונג זיין געליבטן זון חנניה.

זייער אַ שיין און באַגאַבט יינגל איז עס געווען. דער פאָטער האָט אים ממש פאַרגעטערט. ס'איז געווען זיין עלטסט קינד און אַלע גוטע חלומות פון זיין אייגענער פאַריתומטער יוגנט האָבן זיך אָנגע־ קניפּט אין אים. אַלע האָפענונגען, וואָס האָבן אים גענאַרט דעם גאַנצן שוואַר־פאַרהאָרעוועטן לעבן זיינעם אין צער פאַרן שטיקל ברויט, זענען געוואָרן איין אידעאַל און איין גרויסע פרייד צו געבן חנניהן די מעגלעכקייט אַנטוויקלען זיינע פעיקייטן.

די בעסטע מלמדים און לערער האָט געהאַט דאָס יינגל פון משה שטעלמאַכער. צו פערצן יאָר האָט ער גוט געקענט העברעיש. צו דער צייט האָט אים דער פאָטער געגרייט צום עקזאַמען און דער

אומאַנער יידיש-רוסישער גימנאַזיע, ווו חנניה איז דערנאָך געווען פון די בעסטע שילער, און זומער, ווען ער פלעגט קומען קיין דובאָווע, האָט דער פאָטער שטאָלצירט מיט אים און איז גליקלעך געווען, וואָס זיין חנניה איז איינער פון די צוויי יידישע גימנאַזיסטן, וועלכע דאָס שטעטל פאַרמאָגט אינגאַנצן איר אייגנס.

נאָר די דאָזיקע שוואַכקייט פון משה שטעלמאַכער, וואָס ער האָט נאָר געוואָלט מאַכן זיין זון פאַר אַ דאָקטאָר, האָבן אים מוחל געווען יידן און קריסטן, און נאָך דער רעוואָלוציע איז ער געווען דער ערשטער און וויכטיקסטער בירגער אין דובאָווע, געווילט צו ווערק אין אַלע מלוכה-אַנשטאַלטן פון דער פויערים-און אַרבעטער-רע-פובליק. גדליה קארעצקי האָט אומעטום פאָרגעשטעלט דאָס יידישע בירגערטום פונם שטעטל און ער—דעם יידישן פּראָלעטאַריאַט. געווען אויך אַנדערע יידישע פאָרשטייער, נאָר די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר אַלץ און אַלעמען איז געלעגן בלויז אויף זיי ביידן. יענער, דער פיינפילנדיקער אינטעליגענט האָט זיך לאַנג נישט געקענט האַלטן ביי זיינע פליכטן. ביי דער ערשטער סתירה פון געזעץ אין יידישע לעבנס-אינטערעסן האָט אַ ציטער געטון זיין יידיש האַרץ און ער איז אַנטלאָפן. ער האָט זיך באַהאַלטן אינם נייטראַלן ווינקל פונם יידישן קאָאָפּעראַטיוו, און משה שטעלמאַכער איז געשטאַנען אויפן פּאָסטן. ער האָט אַלץ געטון: געהיט די נייע אָרדענונג, געטון שטילערהייט יידן טובות, געקעמפט מיט זיינע קאָלעגן, די פויערים, וועלכע זענען שוין געווען פאַרסמט מיטן אוקראַינער יידן-פיינטלעכן נאַציאָנאַליזם, פאַרזאָרגט די ניי-געגרינדעטע יידישע שול מיט אַ דירה, רעקווירנדיק אַ הויז ביי אַ דובאָווער יידישן גביר און אַזוי אַרום האָט ער זיך אָנגעלעבט יידישע שונאים צווישן אָרעם און רייך פונם שטעטל.

נאָר דערנאָך זענען אים אַלע גוטע פריינט געוואָרן. ער איז געווען דער איינציקער ייד אין דובאָווע, וואָס האָט געקאָנט רעדן מיט באַנדיטן, ווען די גאַנצע עדה יידן האָבן ודוי געזאָגט אין די קעלערס. אים איז באַשערט געווען איבערצולעבן דעם גרויסן חורבן פונם דובאָווער יידישן ישוב און שטיין אויף דער וואַך ביז דעם לעצטן אָטעם פונם לעצטן יידישן קרבן.

## װ.

פאַר דער אַלטער אָרדענונג איז אין דובאָװע צװישן יידן און קריסטן קײן שנאה נישט געװען.

אַז דער אַלטער גלח האָט געלעבט, פלעגט מען די קריסטלעכע מתים טראָגן דורכן שטעטל פאַרבײ די יידישע הײזער און קלײטן און קײנעם האָט עס נישט געאַרט. נאָר װען דער יונגער גלח איז אָנגעקומען קײן דובאָװע, האָט מען אָנגעהײבן גײן מיט קריסטלעכע לװיות דורך די פויערשע גאַסן, אויסמײדנדיק דעם גלײכן װעג, װײל ער האָט עס געפונען פאַר אַן אום-כבוד צו טראָגן די צלמים און הײליקע בילדער דורכן יידישן שטעטל. נאָר אַזוי איז דער גלח זײער גוט געװען מיט יידן. ער האָט ליב געהאַט צו האַנדלען. אַז די פרײזן פון מעל פלעגן שטײגן, האָט ער אין שטוב נישט געקענט אײנזיצן, נאָר אָן זײן יידישן שותף האָט ער קײן טריט נישט געגעבן. ער איז געװען היימיש מיט אַלע „פראָמאָלשטשיקעס”.

אַזוי געמיטלעך זענען אויך געװען די פויערים.

אין פינפטן יאָר, װען אומעטום זענען געװען הריגות אויף יידן, זענען פון אומאַן געקומען קײן דובאָװע פאַרדעכטיקע פאַרשוינען און האָבן אָנגערעדט די גוים, אַז די יידן פונם שטעטל װילן אויסקוילן אַלע קריסטן.

געװען איז עס פרײטיק-צונאַכט. די פויערים פון די דאָרפישע גאַסן האָבן גענומען העק מיט װידלעס און זענען געקומען צום סטאַרשינע, ער זאָל קלינגען אין קלויסטער, אַז אַלע זאָלן אָנפאַלן אויף די יידן, װײל זײ װילן די נאַכט אויסשנײדן ביז אײן קריסט. דער פויער אַדריאַן, װעלכער איז דאַן געװען סטאַרשינע אין דובאָװע, איז געװען אַן עלטערער מענטש און פון דער נאַטור זײער אַ טאַקטישער און אַ רויקער. האָט ער אַן עצה געגעבן דעם אויפגערעגטן פויערים-המון, װעלכער איז איבער אים געשטאַנען מיט העק און װידלעס, מען זאָל פריער גײן זען, װאָס עס טוט זיך אין שטעטל. זאָל מען זען, װאָס טוען איצט יידן. אויב זײ װילן די נאַכט אויסקוילן אַלע קריסטן, גרײטן זײ זיך דערצו מסתמא, דעריבער זאָל מען זיך פאַרגנבענען אונטער די פענסטער פון די יידישע הײזער און זען, װאָס מען טוט דאָרטן.

דער עולם האָט זיך גלייך געלאָזט איינרעדן. זיי האָבן אויס־געקליבן פון זיך דריי גלחים און דער סטאַרשינע זאָל זיין אַ פער־טער: זיי זאָלן גיין פּאַמעלעך צוהערן אונטער די פענסטער, וואָס די יידן טוען איצט ביי זיך אין די הייזער.

געוועזן איז עס אין אַ פינסטערן פרייטיק־צונאַכט פון אַ יידיש קליין שטעטל, אין די לאַנגע נעכט פון כסלו. די בלאָטע איז געווען גרויס. אין דער לופט האָט אַ פייכטע קעלט געגאַגט. פון דער וואָך זענען יידן מיד און ביי די ווייבער איז קורץ־פרייטיק. האָט דובאָ־ווע אָפּגעגעסן די יויך מיט די לאָקשן און האָט זיך געלייגט שלאָפן. צו וועלכן יידישן פענסטער זיי זענען צוגעגאַנגען, איז געווען פינסטער און דער עולם האָט אַזוי געשלאָפן, אַז דאָס שנאָרכן זיי־ערס האָט זיך געהערט אין גאַס. נאָר אין איין פענסטער האָט זיך געלייכט. דאָס איז געווען ביים רב אין שטוב.

ביי דעם קלוגן און רויקן סטאַרשינע אַליין האָט זיך פאַרגנבעט אַ שלעכטער געדאַנק. אומעטום שלאָפט מען שוין און ביים רב איז נאָך ליכטיק. עפּעס מוז דאָרטן זיין, אפשר גרייט מען זיך עס דאָרטן. צום רב האָבן זיך צונויפגעקליבן, מסתמא, די עלצטע יידן פונם שטעטל און מען מאַכט אַ פּלאַן, ווי אזוי אָנצופאַלן אויף די קריסטן.

די פיר שלוחים האָבן זיך פאַרגנבעט אונטערן רבס שטיבל. ערשט ווידער דאָסזעלבע: שטיל, אַלע שלאָפן, מען הערט, ווי דער זייגער גייט, נאָר דער רב אַליין זיצט אויף דער געבעטער קאַנאַפּע אין זיין גרויען שטוב־כאַלאַטל מיט דער יאַרמאָלקע אויפן שפּיץ קאָפּ, אָנגעבויגן איבער אַ ספר און לערנט. אויפן שבתדיקן טיש שטייען די אַכט לייכטער, וואָס די רביצן פלעגט בענטשן. די ליכט זענען שוין אויסגעברענט. דאָס קליינע לעמפּל נאָר באַלייכט דעם אָפענעם ספר מיטן בלייכן אָפּגעצערטן לערנער. פון צייט צו צייט לערנט ער אויפן קול, זינגענדיק אַזוי זיס, אַזוי האַרציק...

דער סטאַרשינע פון אונטערן פענסטער האָט זיך נישט געקענט איינהאַלטן. ער האָט אויסגעשאָסן מיט אַ געלעכטער און די איבעריקע דריי שלוחים נאָך אים. דער רב איז געווען פאַרטיפט אין לערנען און האָט זיך אפילו נישט אומגעקוקט.

— נו, אַ קאָפּ-שניידער! נישטאָ וואָס צו רעדן! — האָבן זיי ווידער געלאַכט אַליין צו זיך און זענען אַוועק צוריק אין וואלאסט

אַרייַן דערציילן ווי אַזוי די יידן שלאָפן, כאָטש דערהרגע זיי אַלעמען און דער ראַבין זייערער זיצט איינער אַליין ביים טיש אַ טרוקענער, ווי אַ שטעקן און זינגט עפּעס פונם ספר אַרויס. די גוים מיט די העק און ווידלעס אין די הענט האָבן אויך געלאַכט פונם ראַבין דעם קאָפּ־שניידער, וואָס זינגט עפּעס פונם ספר אַרויס. ס'איז זיי פּשוט געפעלן געוווען די מעשה, זענען זיי ממש געפאַלן פאַר געלעכטער און אין דערזעלבער גוטער שטימונג זענען זיי זיך רויק פאַנאַנדער־געגאַנגען אַהיים.

אויף מאָרגן, שבת אינדערפרי, האָבן זיך די דובאָווער יידן ערשט דערוווּסט, אַז אין וואָס פאַר אַ געפאַר זיי זענען געוועזן די נאַכט.

# ז.

אין די מלחמה-יאָרן האָט זיך די גוטמוטיקע שטימונג פון די אוקראַינער פויערים געביטן, איבערהויפּט פון דער צייט, וואָס מען האָט אָנגעהייבן רודפן יידן אַלס שפּעקוליאַנטן, און דער פויער, אַלס פּראָדוצירער פון שפּייז־מיטלען, איז געוואָרן דער איינציקער באַלע־באָס אויפן מאַרק. דערפילנדיק דעם טעם פון די גרינגע האַנדלס־פאַרדינסטן, איז אים דער ייד אומעטום געשטאַנען אין וועג אַלס גע־פערלעכער קאָנקורענט מיט זיין געניטקייט און פעיקייטן צום האַנדל.

נאָך דער רעוואָלוציע איז די לאַגע נאָך ערגסטער געוואָרן, ס'האָט אויפגעוואַכט די געדריקטע אוקראַינע מיט איר באַגער צו נאַ־ציאָנאַלער באַפרייונג. דורכן פאַרגעבלטן שלייער פון פאַרגאַנגענע יאָר־הונדערטער האָבן זיך אנטפּלעקט די קאַמף-זכרונות פון די אַלטע אוקראַינער מיט זייער ראָמאַנטישער ליבע צו פרייהייט און שווערד. דאַן קומען די אינטעליגענץ און קליידט אָן די אוקראַינער ראָמאַנטיק פון רציחה און בלוט אין הערלעכע לעבעדיקע פאַרבן פון נאַציאָנאַ־לע פאָלקס-אידעאַלן.

און דער באָדן פון דער צעפאַלענער רוסישער מדינה איז גינ־סטיק צום קאַמף. איינס קעגן אַנדערן האָבן זיך אַוועקגעשטעלט צוויי קעגנער: דאָס דאַרף מיט זיינע אייביקע נאַטירלעכע לעבנס-קוואַלן

און די שטאָדט מיט איר שוואַך־אַנטוויקלטער טעכניק און אינדוסטריע, און אין דערמיט וואַרפֿט זיך, ווי אַ פֿיש אין וואַסער, דער יידישער פֿאַרמיטלער צווישן שטאָט און דאָרף, זוכנדיק זיין ביסל חיונה צו פֿאַרדינען. ער איז דער שטאָט־מאַן, דער געטרייער משרת פֿונם שטאָטישן תּושב. די שטאָט איז אָרעם און פֿאַרמאָגט נישט קיין פֿאַבריקאַטן, וויל זי דאָס דאָרף אומזיסט נישט שפּייזן, נאָר דער ייד איז דאָ אין דערמיט. אין די פֿינסטערע נעכט בלאָנדזשעט ער איבער וועגן און שטעגן, ריזיקירט מיט זיין לעבן און שטעלט צו דער שטאָט דאָס בעסטע און דאָס טייערסטע, וואָס עס פֿאַרמאָגט דאָס דאָרף.

אויף אַזאַ מין אופֿן האָט זיך אַנטוויקלט דער קאַמף צווישן דער זאַטער דאָרפֿיש-אוקראַינער ברויט־געבערין מיטן הונגעריקן שטאָטיש־פּראָלעטאַרישן „מאָסקאַל“. די אוקראַינער אינטעליגענץ האָט זיך, נאַטירלעך, געשטעלט אויף דער זייט פֿונם אוקראַינער פֿויערטום און האָט באַשיינט די פּשוטע מאַרק־אינטערעסן פֿון דער לאַנדווירטשאַפֿטלעכער אוקראַינע מיט די סימבאָלן פֿון פֿרייהייט און נאַציאָנאַל־קולטורעלער אַנטוויקלונג. די אוקראַינער אינטעליגענץ האָט געהאַלטן הויך די געל־בלויע פֿאָן און דאָס בילד פֿון טאַראַס שעווטשענקאָ האָבן אינטעליגענטע אוקראַינערינס געטראָגן איבער די דערפֿער, ווי אַ איקאָנע. נאָר די פֿרידלעכע אוקראַינער פֿויערים, וואָס זייען און שניידן יאָר־איין און יאָר־אויס זייערע געבענטשטע שוואַרצזאַמדיקע תּבֿואה־פֿעלדער, זענען גאָנטעס אייניקלעך און דריי הונדערט יאָר האָבן זיי די רוסישע קיסרים געהאַלטן אין פֿינסטערניש, געשמידטע אין קייטן פֿון קנעכטשאַפֿט. האָבן זייערע פֿינסטערע פֿויערשע קעפּ פֿאַרשטאַנען זייערע נאַציאָנאַל־עקאָנאָמישע אינטערעסן אויפֿן פֿינסטער־פֿויערשן שטייגער, ווי אַמאָל זייערע זיידעס אין די יאָרן ת״ח ות״ט.

און דערביי איז די אוקראַינער אינטעליגענץ געווען כּלו חיובֿ. דאָס האָבן זיי, די אינטעליגענטן, געגאָסן בוימל אויפֿן פֿייער. האָבנדיק צו טון מיט אַ פֿינסטערן פֿויערטום, האָבן זיי אין קאַמף מיטן שטאָטישן „מאָסקאַל“, וואָס האָט פֿאַרכאַפּט די מאַכט אין לאַנד, קיין בעסער מיטל נישט געפֿונען, ווי אָנצורייצן דאָס דאָרף אויף דער שוצלאָזער יידישער באַפֿעלקערונג פֿון שטעט און שטעטלעך, אויסצוראָטן דאָס אַלץ מיט העלפֿער פֿון די „מאָסקאַלן“.

זיי האָבן דערנאָך שטאַרק חרטה געהאַט דערויף. די יידישע שחיטות זענען געווען צו גרויזאַם אפֿילו פֿאַר די אינטעליגענטישע

נערוון פון כמעלניצקיס יורשים. נאָר ס'איז שוין געווען צו שפעט. זיי האָבן נישט געהאַט די כוחות אָפּצושטעלן די טייכן יידיש בלוט, וועלכע זיי האָבן אַליין אַרויסגערופן. געטון האָבן עס דווקא די מאָס-קאַלן מיט זייער אייזערנער מאַכט פון פייער און שווערד, און די אוקראַינער אינטעליגענץ איז געשטעמפּלט געוואָרן דורך דער געשיכ-טע אַלס באַנדיטן און מערדער.

# ח.

געציילטע זענען זיי געווען אין דובאָווע. מערסטנטייל זענען זיי געווען פרישגעבאַקענע אינטעליגענטן, וועלכע האָבן זיך אויסגע-איידלט פון די רייכע פויערים-פאַמיליעס. דער העלד פון דער אוק-ראַינער נאַציאָנאַל-באַוועגונג אין דובאָווע איז געווען דער געוויסער האַרץ-פריינט פון שקאָדניקס אייניקלעך, מארקעלא ברישקא.

ער איז געווען אַ פאַרמעגלעכן פויערס אַ זון. זיין טאַטע האָט געהאַט אַ שיין הויז אין דובאָווע און טייערע פּרוכט-גערטנער. מאר-קעלא האָט געענדיקט די זעמסקע שול, ווו עס האָבן געלערנט אַ סך יידישע קינדער און מיט זיי אויך די צוויי שוועסטער, פייגע-וויטע-לע מיט עטעלען. ענדיקנדיק די פאָלקס-שול, איז ער אַ צייט געווען לערער אין דובאָווע אין האָט געגעבן לעקציעס אין יידישע הייזער. דערנאָך איז ער געווען אין וואלאסט אַ שרייבער. געווען איז ער אויף דער דאָזיקער שטעלע, ביז מען האָט אים מאָביליזירט אין מילי-טער. אויפן פראָנט האָבן אים געפאַנגען די עסטרייכער און אַוועקגע-שיקט קיין גאַליציע. פון געפאַנגענשאַפט איז ער געקומען אַ קראַנקער, מען האָט אים אָפּגעלאָזט אַהיים קורירן זיך. בכלל איז ער געווען אַ קרענקלעכער, אַ דאַרער, קליינגעוואַקסן און תמיד אַזוי בלאַס, ווי ער וואָלט ערשט פון אַ קרענק אויפגעשטאַנען.

צוריק אין מיליטער האָט זיך מארקעלא ברישקא נישט אומגע-קערט. נאָך דער רעוואָלוציע איז ער אַוועק קיין אומאַן און האָט דאָרטן באַזוכט די אוקראַינער לערער-קורסן. דאַן איז ער געוואָרן אַן אָפּטער גאַסט ביי די שקאָדניקס אייניקלעך. ווען זיי זענען געווען

אינדערהיים, פלעגט ער זיי אויך אָפּט בּאַזוכן ביים זיידן אין שטוב. פאַר די ערשטע בּאָלשעוויקעס איז מאַרקעלא געווען אַ סעקרעטאַר אין דובּאָווער מיליציע־פאַרוואַלטונג און אין געהיים האָט ער געאַר־בּעט אין דער אוקראַינער בּאַוועגונג. ער פלעגט אויך אָרגאַניזירן טעאַטער־פאָרשטעלונגען אויף אוקראַיניש.

דער צווייטער אינטעליגענט, וואָס האָט אין דער צייט געאַר-בּעט צוזאַמען מיט ברישקאן אין די געהיימע אוקראַינער קאָמיטעטן, איז געווען זיין קרוב אַנדריי אָווטשאַרוק, וועלכער פלעגט אויך אָפּט אַריינקומען צו שקאָדניקן אין הויז. ער איז אויך געווען אַ פּויער-יונג פון דובּאָווע, נאָר ער האָט געענדיקט אינם דאָרף בּאַבּאַנקע די פיר־קלאַסישע שול און דערנאָך די מיליטער-שול אין קיעוו. קיין דו־בּאָווע איז ער שוין געקומען אַלס אָפיציר.

ווען פּעטלורע האָט בּאַקומען די מאַכֿט, האָט אָווטשאַרוק זיך אָנגעגעבן אין מיליטער און האָט אָנגעהייבן אַרבּעטן אויף פּעטליורעס אוקראַינישן שטייגער. ער מיט ברישקא פלעגן אַרומפאָרן איבער די דערפער און אַגיטירן די פּויערים קעגן קאָמוניסטן און יידן, וועלכע ווילן געוועלטיקן איבערן אוקראַינער פאָלק. צוליב דעם צוועק זענען אין דובּאָווע אויך אָרגאַניזירט געוואָרן געהיימע אסיפות. די נאַציאָ-נאַל־אוקראַינער אינטעליגענץ פונם שטעטל און די אַרומיקע דערפער פלעגט זיך יעדן זונטיק צונויפקלויבן ביי דער אַקושערין שנורוק, וועלכע איז אויך געווען אוקראַיניש געשטימט און דאָרטן פלעגט מען אויסאַרבּעטן אַלערליי פּלענער.

אַלע זענען זיי דאָ געווען אויפן אָרט: דעם גלחס זון, דער סטודענט פונם קיעווער פּאָליטעכניקום און זיין צווייטער זון, דער סע־מינאַריסט. זייער פינקטלעך איז געווען דער געוועזענער עקאָנאָם פון די פּאַדוויסאַטער מאַיאָנטקעס, וועלכער האָט געשמט פאָר אַן ערנסטן מענטשן און גוטן פאַמיליען-פאָטער. מיט אים פלעגט אויך קומען דעמסקי, דער העפלעכער און שטילער פאַרוואַלטער פון די קארזשאַ־ווער פּריצישע גיטער און בּאַלד נאָך זיי ביידן—די צוויי יונגע פּאָ-ליאַקלעך, וואָס האָבן געדינט ביי אים אין קאַנטאָר. נאָר טיכֿטיקער פון אַלעמען איז געווען דער יונגער פעלדשער דעוויאַטקין, מיט זיי־נע ציניש־אכֿזריותדיקע וויצן וועגן די קינפּטיקע יידישע הריגות. זיי־ער ערנסט פלעגט אים אויסהערן דער בּאַלעבּאָס פון דער דובּאָווער מיל גראַבּאָוועצקי, וועלכער איז געווען אַן אָפיציר ביי פּעטליורען

און מיט אַ קליין געלעכטערל האָט אים נאָכגעקוקט דער באַיאָרן ער און גוטמוטיקער וועטערינאַר-דאָקטאָר לאָנגווינאָוו. פון די וויכטיקע באַזוכער איז דאָ אויך געווען דער געוועזענער בריוו־טרעגער מעל־ניק, וועלכער איז ביי דער מאַכט פון פעטליורען געוואָרן פּאָסט־פאַר־וואַלטער און פון דאַן אָן האָט ער פראַנק און פריי אַגיטירט אויס־צוראָטן די יידן, ווייל זיי זענען אַלע קאָמוניסטן. דעם צווייטן בריוו־טרעגער קארטשווינסקי האָט מען אויך אַריינגענומען אינם געהיי־מען אינטעליגענטן-קרייז פון דובאָווע. ער איז אויך ביי דער פעט־ליורע-מאַכט דערהייבן געוואָרן צו אַ הויכן פּאָסטן אין דער זעמסקער פאַרוואַלטונג.

מיט אים פלעגט אויך קומען אויף די זיצונגען דער געוועזע־נער מאַטראָס מאָניונאָ, וועלכער איז געווען אַ באַוווסטזיניקער אוק־ראַינער נאַציאָנאַליסט. פאַר קערענסקין און די באָלשעוויקעס האָבן אים די פויערים געוויילט אין אַלע אַנשטאַלטן. די אַקושערין שנורוק פלעגט זיי אַלע אויפנעמען, אַלס געסט, צו איר זונטיק־געגרייטן טיש, ווו מען האָט זיך נוהג געווען נישט טועם צו זיין קיין ביסל משקה. די זיצונגען האָבן זיך געפירט ביי אַ ניכטער גלעזל טיי. דער עולם איז געווען זייער ערנסט, מען האָט געטראַכט פון אַ גרויסער יידי־שער שחיטה און די באַגייסטערטע אָנפירער זענען דורכאויס געווען ברישקאָ מיט אָווטשאַרוקן.

נאָך פראסקוראוו און מעשה-טעפליק האָט מען אין דובאָווע אָנגע־הייבן מורא האָבן פאַר די צוויי היימישע פויערים-אינטעליגענטן — מאַרקעלא מיט אנדריושען, און שמואל-יצחקס ווייב, חיה שקאָדניק, האָבן געפונען פאַר נייטיק צו באַרויקן דעם עולם, אַז מארקעלא מיט אנדריושען גייען אַריין צו די קינדער, ווייל זיי, פייגע־וויטעלע מיט עטעלען, רעדן זייער גוט אוקראַיניש. ס'קומט זיי, זאָגן זיי, צו גע־זונט, ווען זיי רעדן מיט עמעצן אויף זייער לשון.

ברישקאָ מיט אָווטשאַרוקן פלעגן דערווייל ביי שקאָדניקן אין הויז פריילעך פאַרברענגען די אָוונטן, שפּילנדיק און זינגענדיק אוק־ראַינישע פאָלקס-לידער, און בייטאָג זענען זיי אַרומגעפאָרן רייטנדיק איבער די דערפער מיט געהיימע אויפרופן, מען זאָל זיין גרייט צו אַ יידישער שחיטה. די יידישע יונגעלייט פון דובאָווע האָבן דאַן גע־ווייכט שקאָדניקס שטוב, ווי טומאה נעסט. אפילו דער פארמאצעווט משה טשערנאוו, וועלכער האָט אַליין ליב געהאַט צו רעדן אוקראַי־

יש און איז מיט מארקעלאן און מיט אַנדריושען געווען אויף דז, ווייל זיי האָבן אין דער זעמסקישול צוזאַמען געלערנט, דערצו איז נר ביז משוגעת געווען פאַרליבט אין פייגע־וויטעלען — האָט ער זויך אָנגעהייבן אויסמיידן שקאָדניקס שטוב מיט זיינע אייניקלעך, די אוקראַינערינס.

# ט.

ס'איז געשען. דער זוימען, וואָס די אוקראַינער אינטעליגענץ האָט פאַרזייט אויף דער אוקראַינער ערד, האָט אויפגעבליט אַ סך בעסער, ווי זיי האָבן עס זיך פאָרגעשטעלט. זונטיק, דעם עלפטן מאַי (1919) האָט זיך אין אומאַן געעפנט דער פויערים-צוזאַמענפאָר. אין דעמזעלבן טאָג האָט מען אים פאַרמאַכט. די פויערשע פאָרשטייער פון די הונדערט און פינף וואלאסטן, וועלכע האָבן פאָרגעשטעלט די גרויסע מערהייט פונם צוזאַמענפאָר, זענען געווען קעגן דער מאַכט פון דער שטאָטיש־פראָלעטאַרישער מינדערהייט. די מאַכט האָט געפאָדערט, אַז אין פרעזידיום זאָלן געוויילט ווערן בלויז קאָמוניסטן און די אוקראַינער נאַציאָנאַליסטישע פויערים־מערהייט האָט זיך נישט געוואָלט אונטערגעבן.

דער אומאַנער „איספּאָלקאָם” האָט דעם צוזאַמענפאָר געשלאָסן, דערקלערט באַלאַגערונגס־צושטאַנד און באַפוילן די אויפגערעגטע פויערשע דעלעגאַטן צו פאָרן אַהיים. דערביי האָט מען אַרעסטירט דעם געוועזענעם שילער פון דער אומאַנער גערטנער-שול, שטאָגרינען, וועלכער איז געווען אַ וויכטיקער אָנפירער אין דער אוקראַינער נאַציאָנאַלער באַוועגונג און האָט אויפן צוזאַמענפאָר עפנטלעך אַגיטירט קעגן דער מאַכט פון קאָמוניסטן און יידן, רופנדיק די פויערים צום געווער.

געווען איז עס זונטיק נאָך האַלבן טאָג און אויף דער נאַכט האָט דער יידישער קאָמיסאַר גאָל געגעבן צו וויסן דעם אומאַנער ראַבינער, אַז די מאַכט פאַרלאָזט די שטאָט. נאָר אויף מאָרגן, מאָנטיק אינדערפרי. האָט ער אים געבעטן, ער זאָל עס קיינעם נישט

זאָגן, ווייל ס׳איז אַ מיספאַרשטענדעניש, און אין דער מינוט האָט זיך דערהערט אַ שיסעריי פון אַלע זייטן. די קאָמוניסטן האָבן גלייך גע־מוזט פאַרלאָזן די שטאָט. עלף אַ זייגער אינדערפרי זענען אַריין אין אומאַן, אונטער דער אָנפירונג פונם אוקראַינער לינקן „עס־ער״ קליי־מענקאָ, די פאַרטיזאַנען פון די פויערים. צו זיי זענען באַלד צוגע־שטאַנען די קריסטלעך־באַלעבאַטישע איינוווינער פון די אומאַנער פאָרשטעט, די אַנטלאָפענע אַרעסטאַנטן און אַ טייל פון דער קריסטלע־כער לערניוגנט.

געווען איז עס דעם צוועלפטן מאַי. די דעלעגאַציע פון דער יידישער קהילה צו קלימענקין האָט שוין געמוזט בלייבן אויף די ער־טער, ווייל אין גאַס האָבן זיך שוין געוואַלגערט יידישע הרוגים.

דעם דרייצעטן מאַי האָבן די באַגייסטערטע אָנפירער פונם אוקראַינער פויערטום געלאָזט וויסן די פאַרטיזאַנען, אַז די יידישע מאַכט איז שוין געפאַלן און זיי זאָלן נישט הערן קיין זשידאָווסקע אַגיטאַטאָרן. צו דער צייט האָבן געקלונגען די גלעקער פון אַלע אומאַנער קלויסטערס און דער שוואַרצער גלח ניקאָלסקי האָט געפירט איבער די גאַסן אַ קריסטלעכע פּראָצעסיע מיט די הייליקע לויב־גע־זאַנגען. אין דעמזעלבן טאָג האָט מען געצוווּנגען דריי אומאַנער יידן, זיי זאָלן זיך אַליין אויסגראָבן קברים.

שטאגרין איז דערווייל אַנטלאָפן אין זיין גרויסן דאָרף סטאַריע־באַבאַני און האָט דאָרטן אויפגעהייבן די פויערים צום קאַמף. אונטער זיין אָנפירונג האָבן דאָסזעלבע געטון די איבעריקע דעלעגאַטן פונם געשלאָסענעם צוזאַמענפאָר אין אַנדערע דערפער און שטעטלעך. און אַזויאַרום האָט זיך אויך אָנגעצונדן דובאָווע.



פון די צוויי פאָרשטייער, וואָס דובאָווע האָט געשיקט אויפן צוזאַמענפאָר, איז איינער פון אומאַן ערגעץ נעלם געוואָרן. געווען איז עס דער געוועזענער מאַטראָס פונם שוואַרצן ים זאַראָטשינסקי. עס איז געווען אַ באַוווסטזיניקער אוז איבערצייגטער סאָציאַליסט און אַלס

אַזעלכע האָט ער, נאַטירלעך, גלייך געזען, אַז די אוקראַיניש נאַציאָנאַלע באַוועגונג ווערט פאַרוואַנדלט אין אַ שענדלעכער בלוט־פאַרגיסונג פון דער יידישער באַפעלקערונג. דער צווייטער דעלעגאַט איז דעמזעלבן טאָג געקומען צוריק און האָט דערציילט, אַז די קאָמוניסטן האָבן צוטריבן דעם צוזאַמענפאָר. ברישקא איז גלייך אַוועק צופוס אין שטאָט אַריין.

דעם צוועלפטן מאַי איז ער געקומען צוריק אַהיים. גלייך איז ער אַריין אין „איספאלקאם" און האָט געוויזן אַ מאַנדאַט פון קלימענקאָן, אַז ער, ברישקא, איז באַשטימט אַלס קאָמענדאַנט איבער דובאָווע. דערביי האָט ער אָנגעהייבן רעדן וועגן יידן און קאָמוניסטן. זיי, די יידן, האָבן געוואָלט פאַרכאַפּן די מאַכט אין אוקראַינע. אַז מען האָט געדאַרפט אַ לערער אין אַ פאָלקס־שול, האָט מען אים דאָס ערשטע געפרעגט, צי ער קאָן יידיש. און שוין האָט ער פאַראָרדנט, אַז אַלע מיטגלידער פון „איספאלקאָם", יידן און קריסטן, זאָלן זיך צונויפקומען. דערנאָך האָט ער די יידישע פינף מיטגלידער געהייסן אַוועקגיין און די קריסטן זאָלן בלייבן אויף די ערטער, ווייל ער האָט אַ פאַראָרדענונג די יידן צו דערווייטערן פון דער מאַכט. אין דער מינוט האָט אים דער געוועזענער באַלטישער מאַטראָס קאַפּניק געפרעגט, מיט וואָס איז מען זיכער, אַז דאָס איז אמת. דערויף האָט ברישקא געענטפערט, מען זאָל שיקן עמעצן זען, וואָס עס טוט זיך אין שטאָט, און דער „איספאלקאם" האָט אַזוי געטון. מען האָט גלייך געשיקט צוויי זיכערע מענטשן מיט אַ פור קיין אומאַן, וועלכע זענען פאַרנאַכט געקומען צוריק און האָבן געבראַכט געווער פון די אוקראַינער פויערשער „וולאַדע".

די קריסטלעכע מיטגלידער פונם דובאָווער „איספאלקאם" האָבן גלייך אָנערקענט די נייע מאַכט און האָבן זיך פאַראייניקט מיט ברישקאָן. אַחוץ דעם רויטן אַנטלאָפענעם מאַטראָס זאַראָטשינסקי, זענען עס דורכאויס געווען אייגענע מענטשן. דער באַלעבאָס פון דער דובאָווער מיל גראַבאָוועצקי איז געווען פעטליורעס אַ תלמיד און איז געשטאַנען אויפן פּאָסטן ביי דער אוקראַינער נאַציאָנאַלער באַוועגונג צוגלייך מיטן מאַטראָס מאָניוניאָ. וואַסילי סמעלניצקי, דער חזירים־הענדלער, איז אפילו געווען אַ „פריידענקער", ווייל ער האָט יאָרנלאַנג געוואַנדערט איבער פינלאַנד און פעטראָגראַדער געגנט, פון וואַנען ער איז געקומען שטאָטיש־געקליידט און האָט געבראַכט אַ סך

געלט מיט אַן אויסגעאיידלטער שטאָטישער דאַמע פאַר אַ ווייב. אויך האָט מען אויף אים געזאָט, אַז ער האָט ביי זיך דאָס בילד פון לענין מיט טראָצקין, און איינמאָל האָט ער זיך אַרויסגערעדט פאַר עמעצן, אַז זיי זענען גרויסע מענטשן. דאָך האָט ער אָנערקענט די יידישע געפאַר פאַרן אוקראַינער פויערטום און האָט אויפן יריד, שטייענדיק ביי די חזירים, תמיד גערעדט מיטן עולם קלוגע דבורים וועגן יידן און יידישקייט.

און קאַפּניק, וועלכער האָט שטאָלצירט מיטן אַלטן אָפּגעטראָגענעם מאַטראָסן־היטל פונם פלאַם־רויטן באַלטישן פלאָט, איז בכלל געווען אַ גרינגער פאַרשוין. אים איז געווען אַלץ איינס. ער האָט געקענט אָנערקענען יעדע מאַכט באַזונדער, אַבי ער זאָל נאָר האָבן וואָס צו רויכערן און אַ גוטן טרונק בראָנפן יעדן טאָג. אַזאַ לופטיקער בירגער איז אויך געווען דער געוועזענער פרידנס־ריכטער סאָקאָלאָוו. אים, דעם באַיאָרנטן לעבע־מאַן און גרויסן דאַמען־שעצער, איז אויך געווען אַלץ איינס, וועלכע פּרינציפּן די מאַכט זאָל דורכפירן אין לאַנד. ער האָט איצט, צו די עלטערע יאָרן, אַזוי ליב געהאַט דאָס לעבן און פרויען, ווי אין דער יוגנט. די איבעריקע צוויידריי מיטגלידער פונם „איספּאָלקאָם” זענען געווען פּשוטע דאָרפסמענטשן און האָבן געטון אַלצדינג, וואָס מען האָט זיי באַפוילן. די פּופּצן מיליציאָנערן פון דובאָווע האָבן זיך אויך גלייך צוגעפּאַסט צו דער נייער אָרדענונג.

מאָנטיק אין אָוונט, דעם צוועלפטן מאַי, איז בסוד־סודות ביי דער אַקושערין שנורוק געווען אַ זיצונג. צווישן דער אינטעליגענץ איז פּינקטלעך צעטיילט געוואָרן די אַרבעט. אַלע זענען געווען באַגייסטערט און פּאַטריאָטיש געשטימט. מען האָט זיך אונטערגענומען דורכצופירן די „הייליקע” זאַך ביזן סוף.

נאָך דער דאָזיקער זיצונג האָט ברישקאָ צעטיילט געווער דער שטעטלדיקער מיליציע און דינסטיק, דעם דרייצעטן מאַי, איז ער אַ גאַנצן טאָג אַרומגעפאָרן רייטנדיק אין די אַרומיקע דערפער. די יידן פונם שטעטל האָבן אין פּחד אים נאָכגעקוקט און געוואָלט וויסן וואָס דאָ טוט זיך. איז צוגעפאלן צו אים מיט תחנונים משה שטעלמאַכער און נאָך אַ צוויי יידישע יונגעלייט, וואָס זענען געווען מיט אים באַפריינדט אויף „דו”, ער זאָל זיי זאָגן פריוואַט דעם אמת, אויב עס דראָט נישט קיין סכּנה דער יידישער באַפעלקערונג פונם שטעטל.

אויף דערויף האָט זיי מאַרקעלאָ געענטפערט קורץ:

— עפּעס מוז דאָ געשען, נאָר פּאַר קרבנות בין איך ערוב...

דערדאָזיקער ענטפער האָט שרעקלעך צעטומלט דאָס שטעטל און גדליה קאָרעצקי האָט זיך גענומען צו די אַלטע יידישע מיטלען. ער האָט געפונען אַ גוטע מינוט זיך דורכצורעדן מיט ברישקאָן, ווי מיט אַן אינטעליגענטן היימישן מענטשן. צו זיך אין שטוב האָט ער אים איינגעלאַדן דינסטיק פאַרנאַכט, אויסצוטרינקען אַ גלאָז קאַווע. דערביי האָט ער אים איידל און פיין געזאָגט דעם אמת, אַז ער, גדליה קאָרעצקי, אַלס נאַציאָנאַל-געטרייער ייד, וועלכער בלוטיקט פאַרן גורל פון זיין פאָלק, איז צעפרידן, וואָס די קאָמוניסטן גייען אַוועק פון דער מאַכט, ווייל די קאָמונע רואינירט די יידישע באַפעלקערונג, וואָס לעבט פון האַנדל און ער האָפט, אַז דאָס אוקראַינער פויער־טום וועט זיך באַציען מיט מער גערעכטיקייט צו די יידישע בירגער פון לאַנד. נאָר איצט, אינם שווערן מאָמענט, ווען עס בייט זיך די מאַכט, קאָנען זיך אומעטום געפינען שלעכטע עלעמענטן, וואָס ווילן מאַכן סמוטעס. דעריבער בעט ער אים אין דעם נאָמען פון די דובאָ־ווער יידן, ער זאָל היטן דאָס שטעטל און דערויף גיט מען אים צו־שטייער הונדערט טויזנט ניקאָלאַיעווער רובל. אויף אויסצוהאַלטן אַ וואַך דאַרף דאָך קאָסטן געלט.

ברישקא האָט אים אויסגעהערט אינטעליגענטיש ביזן סוף, נאָר ער האָט זיך אָפּגעזאָגט צו נעמען דאָס געלט און געענטפערט האָט ער ווידעראמאָל זייער קורץ און נישט דייטלעך:

— אַז איך וועל עס ווערט זיין, דעמאָלט וועט איר מיר געבן געלט.

נאָך דעמדאָזיקן צווייטן ענטפער איז די מהומה אין שטעטל נאָך גרעסער געוואָרן. דער עולם האָט מורא געהאַט אינדערהיים צו נעכטיקן. אין אימה און אין פחד זענען קליין און גרויס אַנטלאָפן אין די הינטערגעסלעך זוכן שוץ אין די קליינע איינגעהויקערטע שטיבלעך פון בעלי־מלאכות און אָרעמעלייט בכלל.

## יא.

**געווען איז עס דינסטיק, פסח שני, תרע״ט.**

ווי די נאַכט איז צוגעפאַלען, האָט מען געגעבן אין שטעטל עטלעכע זאַלפן פון אַ פולעמיאָט, אַלס באַשטימטע סיגנאַלן צו באַפאַלן די יידן, און די פויערים פון דובאָווע אין די ארומיקע דערפער האָבן זיך מיט העק און ווידלעס אַריינגעריסן אין שטעטל אַריין.

דורכאויס זענען עס געווען היימישע גוים. אַלע האָבן זיי געטראָגן די פעלצן אויף דער לינקער זייט און די דאַשיקעס פון די היטלען פאַרדרייט אַ הינטער. די איבערגעקערטע פעלצן און פאַרדרייטע דאַשקעס זענען עס געווען די סימבאָלן פון דער איבערגעקערטער אָרדענונג אין לאַנד. אַ סך האָבן זיך אויסגעפאַרבט די פּנימער מען זאָל זיי נישט דערקענען. נאָר די דובאָווער יידן האָבן אַלעמען דערקענט. פונם פעלדשער מיטן געוועזענעם בריוו־טרעגער קאַרטשינסקי ביז דעם מינדסטן פויער־יינגל, וואָס איז זיי נאָכגעלאָפן, ווי אַ צערייצט הינטל, זענען זיי אַלע געווען אויפן אויג. געטויט האָבן זיי אַלע קרבנות מיט קאַלט געווער און געשאָסן האָט מען נאָר אין די פוסטע גאַסן פון פריילעכקייט וועגן. די נאַכט זענען אומגעקומען דרייצן מענטשן מיט אַלערליי מיתות־משונות. איבערהויפּט האָבן געליטן די יידישע פאַמיליעס, מיט וועלכע די היימישע פויערים האָבן געהאַט וועלכע ס׳איז סכסוכים. אַזוי האָט אויך געליטן די פאַמיליע פונם קצב דוד פורמאַן.

ער האָט אויך געוווינט אין אַ הינטער־געסל. דעריבער זענען אַלע קרובים און גוטע פריינט געקומען צו אים זיך באַהאַלטן. אויך זענען אַלע געווען זיכער, אַז מען וועט דוד דעם קצב קיין שלעכטס נישט טון, ווייל ער איז געווען זייער היימיש מיט די גוים. זיי האָבן אים געטרויט אָן געלט זייערע רינדער פון איין יריד צום אַנדערן און ער פלעגט זיי צושטעלן פלייש צו באַצאָלן, ווען עס וועט זיין דער מזומנער גראָשן. דערצו האָט זיין ווייב געשמט מיט איר אָפענער האַנט צו העלפן אין אַ נויט. געווען איז עס די געווייסע זלאַטע די קצבטע, וועלכע האָט געקאָכט אַלע אויף דער נאַכט אַ פליישיקע זופּ פאַר די בכבודע אָרעמעלייט פונם שטעטל. שטייענדיק לעבן דעם פלייש, האָט די דאָזיקע יידענע אויך געוווסט פון

אָרעמע גויעס, וואָס זייערע מאַנען זענען צוריק פֿון דער מלחמה נישט געקומען אַהיים און פֿון קאַליקעס בעטלער און בעטלערקעס, וועלכֿע פּלעגן זיצן לעבֿן קלויסטער מיט אויסגעשטרעקטע הענט נאָך אַ גראָשן אַ נדבה. זי האָט יעדן דערהאַלטן דעם חיות מיט אַ שטיקל דרויבֿ. אויף די ירידים אין דובאָווע האָבן זיך לעבֿן איר רעדלעך געקליבן פֿון אַלערליי גויעס, וועלכֿע האָבן ביי איר טובֿות געבעטן און דערביי האָט מען גערעדט פֿון איר, אַז גאָט האָט איר געגעבן אַ גוטע קריסטלעכֿע נשמה.

און דווקא מיט דער זלאַטען האָט אין דער נאַכֿט פֿון פּסח שני דאָס גרעסטע אומגליק געטראָפֿן.

די סיבה איז געווען אַ צופּעליקע. ביי איר אין שטוב האָט מען געזוכֿט אַן אַנדער יידן, אויך אַ קצבֿ, מיט וועלכֿן אַ דובאָווער פּויער האָט געהאַט אַ סכֿסוך איבער אַ שטיקל פּלאַץ, ווייל זיי זענען געווען שכֿנים. האָט יענער אָנגעבעטן גוטע ברידער, מען זאָל אין דער נאַכט, ווען מען מעג יידן הרגענען, אָפּרעכֿענען זיך מיט זיין יידישן שכן.

דער דאָזיקער משה קצבֿ, וואָס זיי האָבן געזוכֿט, האָט זיך גראַדע ביי פֿורמאַנען נישט באַהאַלטן, נאָר ס'איז שוין געווען ווייט נאָך האַלבע נאַכֿט, די בלוטן פֿון די אָנפֿאַלער זענען שוין געווען שטאַרק צעקאָכֿט און די ביקסן, העק און די ווידלעס זענען געווען גרייט אין די הענט, האָבן זיי זיך אַריינגעריסן מיטן געוועזענעם בריוו-טרעגער קאַרטשינסקי צו דוד פֿורמאַן אין שטוב אַריין, וועלכע איז געווען פֿול מיט איבערגעשראָקענע יידן, ווייבער און קינדער. גלייך האָבן זיי פֿאַרלאָשן די לאָמפּ, מען זאָל זיי נישט דערקענען און אַנטקעגן דער לבֿנה-שיין פֿון די ליכֿטיקע פֿענסטער האָבן זיי צווישן געשריי און יאָמער גענומען האַקן אויף רעכטס און אויף לינקס. אייניקע האָבן זיך געוואָרפֿן רויבן די שיפֿלאָדן פֿון קאַמאָד און אַלמער. אַזוי האָבן זיי אין עטלעכֿע מינוטן געהרגעט זלאַטעס שוועסטער מיטן מאַן, וואָס זייערע זיבן קינדער האָבן באַוויזן אַרויסצורייסן זיך פֿון שטובֿ און אַנטלויפֿן ביינאַכט אין די פּויערשע גערטנער. צוויי קינדער פֿון אַכט און צען יאָר פֿונם ברודער אהרן-זכֿריה קאָזאָדאָי און צוויי שכֿנות, אַ יונג ווייבל מיט אַן עלטערער מאַמען. דערביי האָט זלאַטע אַליין אויך שלעכט אָפּגעשניטן. צווישן די אויפגעהייבענע העק און ווידלעס האָט זי זיך געוואָרפֿן צו די

היימישע באַנדיטן מיט תחנונים, אָנרופנדיק זיי בײַ די נעמען. די הענט האָט זי זיי געקושט און געבעטן רחמים, מען זאָל אויפהערן הרגענען. אַזוי אַרום האָט מען איר צעהאַקט דעם קאָפּ און איבער־געהאַקט אַ האַנט און אויסגעשטאָכן אַן אויג איר פיר־יעריק מיידע־לע, וועלכע זי האָט אויף די הענט געהאַלטן.

לסוף האָט מען זיך דאָך אויף איר דערבאַרעמט. ווען זי איז אומגעפאַלן, אַ געחלשטע, אינאיינעם מיט איר קינד, האָט איינער פון די גזלנים אויסגעשריגן:

— ברידער, ס'איז דאָך זלאַטע! זעט וואָס איר טוט מיט דער בידנער זלאַטען!...

אויף דעם געשריי האָבן זיך אַראָפּגעלאָזן די הענט מיט די העק און ס'איז געוואָרן טויט־שטיל. אַזוי איז געווען עטלעכע רגעס. מיטאַמאָל האָט איינער אַרויסגערעדט אין שרעק:

— איז דאָ נישטאָ מאָשקע?... ווו איז ער דען?...

פון אַ ווינקל האָט אַרויסגעוויינט דער בלייענער קול פון דוד פורמאַן:

— רופט אַ דאָקטאָר..

— בידנע זלאַטע! — האָט עמעצער ווידער באַדויערט פון דער באַנדיטן-חברה מיט די איבערגעקערטע פּעלצן און איבערגעדרייטע דאַשיקעס. נאָר אין דער רגע האָט מען אויסגעשאָסן אינם ליכטיקן פענסטער אַריין, און אונטער די קלאַנגען פון די אויסגעהאַקטע שויבן זענען זיי אַלע פון שטוב אַנטלאָפן.

## יב.

מיטוואָך, אינדערפרי, דעם פערצעטן מאַי, האָט זיך קיין איין דובאָוועער ייד נישט אַרויסגעוויזן אין גאַס. די הרוגים זענען געלעגן אין די הייזער און די לעבעדיקע זענען געזעסן דערבײַ פאַרשטיינערטע פון שרעק. נאָך האַלבן טאָג האָבן זיך אייניקע געמאַכט מוט און מען איז אַרויס אַ קוק טון, וואָס אַרום טוט זיך. דאָ און דאָרט האָט מען

ערגעץ לעבן אַ פלויט געפונען אַ הרוג. די גאַס איז פאַרהילכט געוואָרן מיט אַ ווייבערשער קלאָגערייַ און אַרום איז ווידער געוואָרן שטיל. פאַרביי די הייזער האָבן זיך געוויזן מענטשן מיט וועקסענע פנימער, טראָגנדיק די פאַרווונדעטע אין שפּיטאָל. אויף אַ בעטל האָט מען אויך געטראָגן די שוואַנגערע זלאַטע פורמאַן, אַ צעהאַקטע. זי האָט נאָך אַלץ געהאַלטן אין איין חלשן. דאָס צעשעדיקטע יינגל איר'ס האָט אַ גויעשער שכן אין פרימאָרגן אָפּגעפירט אין שפּיטאָל. פאַרווייַנטע גויעס האָבן איר אויך געבראַכט אַהין דאָס מיידעלע מיטן אויסגעהאַקטן אויג.

פאַרנאַכט זענען פון קאָרזשאָווער זייט אַריין קיין דובאָווע מיט האַרמאָניקעס און געזאַנג אַ פערציק פויערים, באַוואָפנטע מיט ביקסן און שווערדן. זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט אין מאַרק, אָנצושאַרפן די שאַשקעס און ס'האָט זיך דערהערט אַ הייזעריקער אָפּגעשפּיצטער קלאַנג פונם פאַרשאַרפטן אייזן-געווער. די יידן פונם שטעטל האָבן זיך גלייך געלאָזט אַנטלויפן אין פעלד און אין די אַרומיקע פויערשע גערטנער און די אָנגעקומענע פויערים מיט אַ שיסערייַ—נאָך זיי.

די דאָזיקע אַנטלאָפענע זענען מיינסטנטייל אומגעקומען אין די פעלדער. דאָס מאָל איז דאָס אכזריות פון די אָנפּאַלער געווען נאָך גרויזאַמער. זיי האָבן געשניטן צינגער, נעז און אויערן, פשוט געהאַקט איברים פון לעבעדיקע מענטשן. איבערהויפּט האָבן געווילדעוועט די צוויי פויערים קירילאָ טשערניוק און מאַרטין זבאָרזשעווסקי.

ביידע זענען זיי געווען דובאָווער תּושבים, געהאַט ערד, הייזער, באַלעבאַטישקייט, פרויען און קינדער. קירילאָס טעכטער האָט מען געקענט אַלס דינסטן גענומען אין יידישע הייזער, נאָר ביידע זענען זיי געווען די אויסוואורפן פונם פויערשן ישוב אין דובאָווע. מאַרטין איז געווען פאַרמשפּט אויף קאַטאָרגע פאַר גניבות און רציחות. געקומען איז ער אַהיים אין דער צייט פון דער רעוואָלוציע. קירילאָ איז אויך פיל מאָל געזעסן אַרעסטירט פאַר גנבות. נאָר אין דעם היסטאָרישן מאָמענט זענען זיי ביידע געווען אויפן פּלאַץ און זענען געוואָרן העלדן אין דער אוקראַינער נאַציאָנאַל-באַוועגונג.

דאָנערשטיק, בייטאָג, האָט מען אין דובאָווע אויפגעקלעפּט אין גאַס אַ באַפעל פון קלימענקאָן, מען זאָל נישט רויבן און נישט הרגענען קיין פרידלעכע איינוווינער; דערמיט דערגירעריקט מען די אוקראַינער „וולאַדע".

ברישקאָ האָט גלייך צעשטעלט די מיליציע ביי דער בריק מען זאָל נישט לאָזן אַריינפאָרן די פויערים צום יריד, וועלכער פלעגט זיין אַלע דאָנערשטיק אין דובאָווע. די באַנדיטן האָבן זיך אַלע גע־לאָזט לויפן אַהיים צוריק אין די אַרומיקע דערפער, נאָר קירילאָ מיט מאַרטינען האָבן נאָך די העק נישט געוואָלט אַוועקלייגן.

ער, קירילאָ האָט זיך אין די דאָזיקע טעג געפילט, ווי אַ פיש אין וואַסער. דאַנערשטיק, אינדערפרי, האָט ער געשיקט צו משה שטעלמאַכער אַ יינגל מיט אַ קוויטעלע, מען זאָל אים שאַפן צען טויזנט רובל. דערויף האָט אים יענער געענטפערט, ער זאָל וואַרטן ביז פאַרנאַכט. ביי גדליה קאָרעצקי אין הויז האָט מען גלייך געמאַכט אַן אסיפה און ס׳איז געבליבן, מען זאָל זיך זען מיט ברישקאָן און בעטן אים, ער זאָל אַנטוואָפענען קירילאָן. די צען טויזנט רובל האָט מען דערווייל געשאַפן, נאָר געגעבן האָט מען זיי מאַר־קעלאָן, ער זאָל עס צעטיילן דער יונגער חברה זיינער. ברישקאָ האָט צוגעזאָגט היטן דאָס שטעטל און באַנדיטן וועט ער שיסן אויפן אָרט...

נאָר קירילאָ האָט דערווייל געטון זיין אַרבעט. נאָכדעם ווי משה שטעלמאַכער האָט אים קיין געלט נישט געגעבן, האָט ער געהער־געט אין אַ גאָרטן ביי זיינעם אַ שכן דאָס מיידל סאָניע שאָשקין. זי איז געווען אַ יתומה און האָט געהאַלטן אַ קלייטל אין דער גויעשער גאַס אינאיינעם מיט דער אַלטער מוטער אירער. אויסבאַהאַלטן האָט זי זיך אין די פויערשע גערטנער, ווו ס׳האָט זי אָנגעטראָפן קירילאָ און איר אַריינגעשאָסן אַ קויל אין קאָפּ. זי איז, אַ פאַרוווּנדעטע, אַנט־לאָפן אין טייך, נאָר ער האָט זי אַרויסגעשלעפּט צוריק אין גאָרטן אַריין און האָט געהאַקט פון איר איינציקע גלידער, זאָגנדיק דערביי יעדעס מאָל: אָט איז דער צוקער, אָט איז דער זאַלץ, אָט זענען די שוועבעלעך"!..

צו דער צייט איז שוין לעבן וואלאסט געווען אויפגעקלעפּט דער באַפעל פון קלימענקאָן. יידן זענען אַרויס אין גאַס צונויפנעמען די הרוגים, וועלכע האָבן זיך געוואַלגערט אין די פעלדער און גער־טנער. אַזוי אַרום האָט מען געפונען סאָניעס צעוואָרפענע ביינער, אויף וועלכע ס׳האָבן שוין געלויערט די הינט פון שכנותדיקע הויפן. מען האָט יי אויפגעקליבן אין אַ זאַק און אַוועקגעלייגט אויף דער עגלה צו זפירן אויפן בית־עולם, ווו ס׳איז שוין געלעגן דער

צווייטער זאַק מיט ביינער פונם תבואה-מעקלער ישראל-לייב גוטעס, וועלכן מען האָט געטויט אין פעלד, און אַ יידענע פון אַ דאָרף האָט זיינע אָפּגעהאַקטע איברים צונויפגעקליבן, איינשטעלנדיק זיך דאָס לעבן.

קיין גוים האָט מען אין גאַס נישט געזען. דערזעענדיק אויף די פורן די צעשעדיקטע יידישע הרוגים, האָבן זיך אַלע גויעס אַראָפּ־גענומען פונם מאַרק און די פויערשע קינדער זענען זיך אין אימה צעלאָפן פון גאַס. אין דער טויט-שטילקייט האָבן נאָך אָפּגעהילכט די פאַרשטיקטע ווייבערשע יללות. מיטאַמאָל איז געוואָרן אַ שרעקלעכע מהומה: יידן האָבן אַוועקגעוואָרפן די מתים און האָבן זיך געלאָזט לויפן וווהין די אויגן טראָגן. קירילאָ איז דורכגעלאָפן די גאַס מיט דער פאַרבלוטיקטער האַק און איז אַזוי אַריינגעלאָפן צו גדליה קאָ-רעצקי אין שטוב אַריין. ער האָט ביי אים געפאָדערט צען טויזנט רובל און האָט אים געדראָט מיט דער האַק. נאָר צו דער צייט איז צו קאָרעצקין אין הויז אָנגעקומען ברישקא אַליין און האָט באַפוילן קירילאָן אָפּגעבן אים די האַק. נאָר יענער האָט פון אים חוזק גע-מאַכט, וואָס ער ווייסט נישט, אַז מען דאַרף איצט קוילן יידן און האָט געשריגן מיט כעס:

— דאָס האָבן דיך די זשידעס אונטערגעקויפט, האָסטו אַרויסגע-געבן אַ באַפעל, מען זאָל נישט הרגענען!

דערהערנדיק די לעצטע ווערטער, האָט זיך ברישקא געכאַפּט פאַר דער ביקס און מיט צוויי קוילן האָט ער אים דערשאָסן אויפן אָרט.

דערנאָך האָט ער באַפוילן דער מיליציע, מען זאָל קירילאָס טויטן קערפּער אַוועקלייגן אין מאַרק, מענטשן זאָלן אים אָנקוקן און פיר חברה-לייט פונם דאָרף האָט ער אַוועקגעשיקט, מען זאָל מאַכן אַ סוף אויך מיט מאַרטינען. די פיר פויערים־יונגען האָבן אים געכאַפּט אין אַ וועלדל, נישט ווייט פון דובאָווע. דאָרטן האָבן זיי אים אויפן אָרט דערשאָסן און זיין טויטן גוף האָט מען אויך געבראַכט אויפן מיטן מאַרק, קליין און גרויס זאָלן זען, וואָס די אוקראַאינער „וולאַדע״ טוט מיט באַנדיטן.

## י"ג.

געווען איז עס דאָנערשטיק, דעם פופצעטן מאַי. אין אומאַן האָט שוין געהאַט קלימענקא אַרויסגעלאָזט דער צווייטן אויפרוף: מ׳זאָל אויפהערן דאָס בלוט־פאַרגיסונג, ווייל די זשידאָווסקע מאַכט האָט מען שוין אומגעוואָרפן און צווישן זיי איז אויך פאַראַן אַ סך אומשולדיקע.

געווען איז עס אויפן פינפטן טאָג פון דער אומאַנער הריגה. קוקנדיק אויף די בערג יידישע הרוגים, וועלכע האָבן זיך געוואַל־געוואַלגערט אין די גאַסן, האָבן זיך די העלדישע אָנפירער פון דער אוק־ראַינער נאַציאָנאַל-באַוועגונג דערשראָקן פאַר זייער ערפאָלג. דער־שראָקן האָט זיך אויך דער פאַרפירטער און אויפגערייצטער המון פון די קריסטלעכע אומאַנער פאָרשטעט. די נעכטיקע צעווילדעוועטע באַנדיטן פאַרטויבטע פון די קלויסטער־גלאָקן פינף טעג נאָכאַנאַנד און פאַרשיכורטע מיט יידיש בלוט און רויב, האָבן אַבערגלויביש געקוקט אויף די געטויטע און געפייניקטע דורך זייערע אייגענע הענט. אַליין האָבן זיי זיך געוואָרפן צום יידישן בית־עולם, זוכן אַן אָרט, וווהין מען זאָל וואָס גיכער צונעמען די הרוגים פון די אויגן. און אויפן פינפטן טאָג, ווען יידן זענען אַרויס פון די קעלערס און האָבן גע־נומען לויפן אויפן בית-עולם, באַזונדערע קברים צו גראָבן פאַר זייע־רע נאָנטע און ליבסטע, וואָס די גוים האָבן אין פחד צונויפגעוואָרפן אין צוויי גריבער — האָט זיי אַן אויפגערעגטע מחנה היימיש-גוישע איינוווינער פאַרשטעלט דעם וועג און באַפוילן נישט אָנצורירן די טויטע, ווייל זיי קאָנען נאָך נקמה נעמען...

נאָר אין דעמזעלבן טאָג זענען געקומען אין שטאָט פיל באַ־וואָפנטע פויערים פון די דערפער, וועלכע מען האָט געשיקט זיך אָפרעכענען מיט די יידן, ווייל זיי סמען די ברונימער מיט די גע־בענטשטע גן-עדן-וואַסערן, פון אומאַן, כדי צו טויטן אַלע קריסטן. דער דאָזיקער בלבול וועגן סמען דאָס וואַסער האָט זיך אויך פאַר־שפרייט צווישן דער קריסטלעכער באַפעלקערונג פון שטאָט, און קלי־מענקאָ האָט געמוזט אַרויסטרעטן אַ צווייטן מאָל קעגן בלוטפאַרגיסונג. נאָר דאָסמאָל האָבן אים די באַוואָפנטע פויערים זיינע געוואָרפן אַ באַשולדיקונג, אַז ער איז אונטערגעקויפט פון יידן, ווי דער דובאָ־ווער באַנדיט קירילאָ האָט עס פאָרגעוואָרפן ברישקאָן.

דאַן איז אַרויסגעטראָטן נאָמאַק, אַ צווייטער אָנפירער פון דער אוקראַינער נאַציאָנאַל-באַוועגונג. ער האָט דערקלערט דייטלעך, אַז די בלוט־פאַרגיסונג ברענגט אַ גרויסן שאָדן דער באַפרייטער אוקראַינע, ווייל די פאָלקס־„וואַלאַדע" ווערט פאַרשעמט ביי די אייראָפּעישע פעלקער. דערביי האָט זיך אויך געהערט אַ קריסטלעכע שטים פון רחמים. די רעליגיע-לערער פון די אומאַנער שולן האָבן גערופן ליב צו האָבן אַלעמען, ווי קריסטוס אַליין האָט באַפוילן...

געווען איז עס דעם פופצעטן מאי און אין דריי טעג אַרום האָט די אוקראַינער אינטעליגענץ געפונען פאַר נייטיק אַ דריטן מאָל אויפצוקלערן דעם עולם, אַז מען מיינט נישט קיין הריגות, נאָר אָר־גאַניזירן די אוקראַינער פאָלקס-מאַכט. די באַשלוסן, וואָס מען האָט דאַן אָנגענומען אויפן צווייטן פויערים־צוזאַמענפאָר אין אומאַן, זענען געווען פאַר די „ראַטן", נאָר קעגן דער קאַצאַפּסקער און זשידאָוו־סקער הערשאַפט מיט די קאָמיסאַרן, וואָס האָבן געקרייצט קריסטוסן.

דערביי האָט מען געראַטן דער אומאַנער קהילה צו שיקן אַ דע־לעגאַציע, וועלכע זאָל באַגריסן דעם צוזאַמענפאָר און אין דעמזעלבן טאָג, האָט דער אויפשטאַנד־קאָמיטעט אַרויסגעלאָזט אַן אויפרוף וועגן פרידן מיט אַלע איינוואוינער פון דער אוקראַינער ערד, דערקלערנדיק אַז יידן ליידן אויך פון דער קאָמונע. און בכלל טרעט מען נישט אַרויס קעגן פעלקער, נאָר קעגן די, וואָס נעמען אַלץ און גיבן גאָרנישט.

דער צוזאַמענפאָר האָט נאָך געהאַלטן פאַר אַ חוב רייננצוואַשן דאָס אוקראַינער פויערטום פון דער אומאַנער הריגה, אַדויפוואַרפנדיק די גאַנצע שולד אויף די שטאָטישע קריסטלעכע איינוואוינער, וועלכע מען האָט דעריבער צו די אסיפות נישט אַריינגעלאָזן אין זאַל. אויך האָט מען עס פאַרגוואָרפן די שטאָטישע אינטעליגענטן מיט זייער שלעכטער אַגיטאַציע קעגן אומשולדיקע מענטשן.

נאָר די דאָזיקע איידעלע הילפס-מיטלען זענען געקומען צו שפּעט. דער קריסטלעך־שטאָטישער מיטלשטאַנד און דאָס פויערטום זענען שוין געווען פאַרסמט מיטן גיפט פון באַנדיטיזם קעגן דער יידישער באַפעלקערונג, וועלכע איז געוואָרן הפקר. אין אומאַן זענען אינמיטן העלן טאָג אַרויסגעגאַנגען גויעשע ווייבער מיט זעק, שלעפּנ־דיק פון די שוצלאָזע יידישע הייזער און קלייטן אַלצדינג, וואָס זיי איז צו די הענט געקומען און די קריסטלעכע קינדער האָבן זיך אין

גאַס געשפּילט מיט די הרוגים. שול־יינגלעך פלעגן זיך אויף זיי לער־נען שיסן אין ציל. אַנדערע האָבן באַזוכט די געהרגעטע, געטרייסלט די קעשענעס און געזוכט זייגערס, פּאָרטציגאַרן און געלט.

אין די דערפער און שטעטלעך האָט זיך צעפלאַקערט דער ביר־גערקריג אויף אַ ווילדן משונהדיקן אופן. דאָס שטראָף-מיליטער פון דער ראַטן־מאַכט האָט מיט פייער און שווערד אויסגעראָטן די מור-דים קעגן דער מאָסקעווער רעגירונג און דאָס אוקראַינער פויערטום האָט געענטפערט דערויף מיט יידישע הריגות און שחיטות לויט די אַלטע מעטאָדן פון גאָנטע און כמעלניצקי. דער אוקראַינער אינטעלי־גענץ איז מער נישט געבליבן, ווי אויפן פּאַפּיר רופן צו אָרדענונג און אויפן פּאַפּיר היטן די געזעצן פון דער אוקראַינער „וואַלדע".

# יד

דער אוקראַינער אינטעליגענט פון דובאָווע, מאַרקעלאָ ברישקא, האָט אין דידאָזיקע טעג אויך געהיט די געזעצלעכקייט פון דער פרייער אוקראַינע. ער האָט אָרגאַניזירט אַ פרייוויליקן באַטאַליאָן פון דובאָווער און דאָרפישע פויערים-יונגען און דידאָזיקע האָבן געהיטן דאָס שטעטל פון רויב און רציחה. די נאַכט פון דאָנערשטיק האָבן יידן מורא געהאַט צו נעכטיקן אין די הייזער און מען איז געשטאַ־נען אויף דער וואַך מיט די קלומקעס אויבן אויף, יעדע רגע גרייט צו אַנטלויפן. נאָר ס'איז געווען שטיל.

פרייטיק האָט מען זיך ווידער גענומען פירן די הרוגים פון די פעלדער און פויערשע גערטנער. אויפן בית־עולם האָבן ווייבער געיאָמערט, פאַרהילכנדיק די לופט מיט זייערע יללות און פאַרנאַכט איז אין שטעטל געוואָרן אַ שרעקלעכע מהומה. מען האָט זיך דער-ווּסט, אַז מאַרקעלאָ האָט אַוועקגענומען צו דער שמד שקאָדניקס איי־ניקל, פייגע-וויטעלען.

געווען איז עס פשוט אַ באַשטימטע זאַך און ברישקאָ האָט אין די גרויסע טעג פון דער אוקראַינער באַפרייונג זיינע הערצלעכע אינטערעסן אויך געהאַט אין זינען.

דינסטיק אין אָוונט, ווען די הריגה האָט זיך אָנגעהייבן, זענען אַ סך מענטשן אַנטלאָפן זיך באַהאַלטן ביי שקאָדניקן אין שטוב. שמואל-יצחק האָט צוגענומען יעדן איינציקן, וואָס איז צו אים געקומען, נאָר ער האָט זיך דערביי געפילט נישט גוט און איז געווען זייער אויפגערעגט.

— איך פאַרבלייב אין דער הויך, — האָט ער אַלעמען געענטפערט, — ביי זיך אין שטוב, ווי אַזוי גאָט וועט געבן.

שקאָדניקס שטוב האָט מען, נאַטירלעך, אויסגעמיידט און די, וואָס האָבן זיך דאָרטן די נאַכט באַהאַלטן, זענען לעבן געבליבן. נאָר די צווייטע נאַכט איז שוין שמואל-יצחקס שטוב נישט געווען אַזוי זיכער, ווייל די אייניקלעך זיינע, פייגע-וויטעלע מיט עטעלען, האָבן געזאָגט, אַז זיי קאָנען נישט באַהאַלטן ביי זיך אַזוי פיל מענטשן. זיי האָבן פאַר זיך אַליין אויך מורא און שקאָדניק האָט געראַטן יעדן איינציקן צו זיצן ביי זיך אין שטוב און וואַרטן, ווי אַזוי גאָט וועט געבן.

שפּעט ביינאַכט האָבן ווירקלעך ביידע מיידלעך געזאָגט דעם זיידן מיט דער באָבען, אַז זיי האָבן מורא אינדערהיים צו נעכטיקן. מאַרקעלאָ האָט נאָך זיי געשיקט אַ סאָלדאַט, זיי זאָלן גיין נעכטיקן אויפן דאָרף צו זיין טאַטן. אויך האָט ער אָנגעזאָגט, אַז זיי, דער זיידע מיט דער באָבען, זאָלן אויך גיין אַהין. די שטוב וועט דאָ זיין גאַנץ, קיינער וועט עס נישט אָנרירן.

שמואל-יצחק האָט פעסט געענטפערט, אַז ער בלייבט אינדערהיים און זי, חיה שקאָדניק, האָט אויך איינגעשטימט די שטוב נישט צו פאַרלאָזן, נאָר פייגע-וויטעלע מיט עטעלען האָבן זיך אָנגעטון אַוועקצוגיין. אין הויף האָט אויף זיי געוואַרט אַ באַוואָפנטער זעלנער. זיי האָבן זיך צעקושט מיטן זיידן און דער באָבען און זענען אַוועק.

נאָר פייגע-וויטעלע האָט זיך שוין צום זיידן אין שטוב מער נישט אומגעקערט. אין פרימאָרגן איז עטעלע געקומען אַהיים אין דער באַגלייטונג פונם זעלבן באַוואָפנטן סאָלדאַט און זי האָט איבערגעגעבן דעם זיידן מיט דער באָבען, אַז פאַניע איז געבליבן דאָרטן. זי איז אַ כּלה געוואָרן פאַר מאַרקעלאָן. היינט פאָרן זיי ביידע אַוועק קיין קארזשאווע צום גלח און וועלן זיי התונה האָבן.

שמואל-יצחק דער גדלן האָט עס אויסגעהערט רויק און

שווייגנדיק-פֿאַרביסן, ווי פֿאַר אים וויאָלט זיינער אַ שונא פֿונם שטעטלדיקן קהל געשטאַנען. זיין גרויסער שטערן איז געווען גלאַט און קלאָר, ווי תּמיד. ער האָט זיך אויסגעגלעט די באָרד און איז אַוועק צו זיך אין קאַבינעט, נאָר דאָרטן האָט ער זיך פֿאַרשפּאַרט אויף אַ גאַנצן מעת לעת און האָט קיינעם צו זיך נישט אַריינגעלאָזן.

דערפֿאַר האָט זי, חיה שקאָדניק, געגעבן אַ בראָך מיט די הענט און האָט אָנגעהייבן אַזוי הויך-ווייבעריש צו וויינען אינאיינעם מיט פייגע וויטעלעס מאַמען, וועלכע איז גראַדע אָנגעקומען אויפֿן אומגליק, אַז עטעלע איז אין שרעק אַנטלאָפֿן פֿון שטוב צו אירע קריסטלעכע גוטע פֿריינט, דעם געוועזענעם פּריסטאַוו יאַנאָוויטש מיטן ווייב, און איז עטלעכע טעג נאָכאַנאַנד אינדערהיים נישט געווען.

דערנאָך, פּרייטיק פֿאַרנאַכט, ווען אין שטעטל איז שוין שטיל געווען און ברישקאָ האָט דערלויבט אַראָפּצופֿירן די הרוגים אויפֿן בית עולם, איז חיה שקאָדניק אַרויס מיט אַ געוויין און קלאָגעניש אין גאַס אַריין, אַז מאַרקעלאָ האָט ביי איר די נאַכט פֿון שטוב אַרויסגעגנבעט פייגע-וויטעלען און האָט זי אַוועקגעפֿירט קיין קאַרזשאַווע צום גלח. ביינאַכט איז ער געקומען מיט צוויי סאָלדאַטן, געעפֿנט אַ פֿענסטער אין גאָרטן אַריין און אַרויסגעטראָגן זי דורכן פֿענסטער. עטעלע האָט אַלץ געהערט, נאָר זי האָט מורא געהאַט זיך אָנצורופֿן. אויף דער אַנדערער גאַס האָט אין אַזאַ מין נוסח געיאָמערט און געטענהט רייצע די חזנטע, פייגע־וויטעלעס מאַמע.

און אויף אַלע מאַמעס פֿון דובאָווע, וואָס האָבן דערוואַקסענע טעכטער, איז אָנגעפֿאַלן אַ פּחד. ער, מאַרקעלאָ, קומט ביינאַכט מיט סאָלדאַטן און שלעפּט יידישע מיידלעך צו דער שמד...

פּרייטיק פֿאַרנאַכט איז עס געווען. די מתים זענען נאָך געלעגן אין די גאַסן און אין די הייזער, דאָס בלוט נאָך נישט אָפּגעוואַשן פֿון אַלע ווענט און טירן און דער פּרייטיק־צונאַכט האָט זיך אָנגערוקט אַ פֿינסטערער מיט אַ גוס־רעגן. נאָר אין שטעטל האָט גערעשט, ווי אויף אַ יריד. יידן און ווייבער זענען אַרומגעלאָפֿן, ווי פֿאַרסמטע זוכן פֿורן. וויפֿל ס׳זענען געווען מיידלעך אין דובאָווע, האָט מען זיי פּרייטיק פֿאַר ליכט־בענטשן אין אַ גוס־רעגן אַלע אָפּגעשיקט קיין גאָלאָוואַניעווסק, אונטער דער השגחה פֿונם דאָרטיקן יידישן זעלבסט־שוץ.

# טו.

די פרייוויליקע מיליטער-אָפּטיילונג. וואָס ברישקאָ האָט אָרגאַניזירט פון די היימישע פויערים־יונגען, אָפּצוהיטן דאָס שטעטל, האָט זיך געפונען אינם נאָנטן דאָרף קאָרזשאָווע. לויט דער בקשה פון משה שטעלמאַכער, זענען זיי אינאיינעם מיטן אַטאַמאַן און דער דובאָווער מיליציע געקומען אויפן בית־עולם אָנקוקן די הרוגים, וואָס זענען געטויט געוואָרן מיט גרויס אכזריות און די זעק מיט ביינער, וועלכע מען האָט צונויפגענומען אין פעלד. געווען איז עס שבת נאָכן דאַוונען. אויפן באַפעל פון רב זענען יידן אַרויס פון די שולן און האָבן זיך גענומען מקבר זיין די מתים, ווייל די היץ איז געווען גרויס און אָפּלייגן אויף מאָרגן איז געווען אַ סכנה פאַר די לעבעדיקע. צוגעגאַנגען איז עס גאַנץ שטיל. ברישקאָ האָט אָנגעזאָגט, מען זאָל נישט וויינען, ווייל די ווייבער מיט זייערע געוואַלדן שרעקן די פרידלעכע איינוווינער פון די אַרומיקע דאָרפישע גאַסן.

אַ שטילער שבת איז עס געווען אין דובאָווע. שטיל איז מען פון בית-עולם אַוועק אַהיים און שטיל האָט מען זיך שבעה געזעצט. נאָר מען איז די שבעה נישט אויסגעזעסן, ווייל די פרייוויליקע זעלנער פון ברישקאָס מיליטער־אָפּטיילונג האָבן אָנגעהייבן דורך די נעכט צו וואַנדערן איבערן שטעטל און באַפאַלן יידישע הייזער. דערנאָך זענען זיי געוואָרן דרייסטער און האָבן געטון דאָסזעלבע בייטאָג. אין די הינטער־געסלעך פלעגן זיי שלאָגן יעדן איינציקן יידן, וואָס איז זיי געקומען צו די אויגן. אַזוי זענען אַריבער עטלעכע טעג. די „שטילע" עדה יידן, וועלכע מען האָט באַפוילן נישט צו וויינען, איז געוואָרן אומרויק און דער פּראָלעטאַרישער קהלס־מאַן, משה שטעלמאַכער, האָט גענומען זוכן מיטלען דערצו.

איינמאָל האָט ער זיך צערעדט אויפן גוט-ברודערישן שטייגער מיט אַ חברה פון די דאָזיקע באַוואָפנטע פויערים־יונגען און האָט זיי געפרעגט בסוד סודות פונם אַטאַמאַן, מיט וואָס מען קען זיי פאַרגיטיקן, זיי זאָלן אָפּהיטן דאָס שטעטל, ווי עס באַדאַרף צו זיין.

יענע האָבן אים אויסגעהערט און האָבן געענטפערט בתמימות, אַז זיי ווילן געלט.

משה האָט צונויפֿגערופֿן די שענסטע באַלעבאַטים צו גדליה קאָרעצקי אין הויז און האָט זיי פֿאָרגעלייגט צו שאַפֿן אַ געלט־פֿאָנד, וועלכער זאָל בײַ דער גרויזאַמער צײַט תּמיד זײַן גרייט אויסצוקויפֿן דאָס שטעטל פֿון רויב און טויט. אויב נישט, זאָגט ער זיך אָפּ עפּעס צו טון און ער וועט זען אַרויסצופֿאָרן מיט דער פֿאַמיליע ערגעץ אין אַן אַנדער אָרט, ווײַ דאָס לעבן איז נישט אין אַזאַ סכּנה. דעם עולם איז געוואָרן שטאַרק נישט היימלעך פֿון די דאָזיקע ווערטער, און גדליה קאָרעצקי האָט אים געפּרוווט דערקלערן, וואָס הייסט היימלאָזיקייט פֿאַר אַ געזינד מיט זיבן קליינע קינדער. וועט ער זיך רירן פֿון אָרט, איז עס אויך אַ גרויס אומגליק פֿאַרן שטעטל. אויף אים קוקנ־דיק וועלן זיך אַלע צעלויפֿן און דאָס ביסל אייגנס וועט בלײַבן הפֿקר. משה שטעלמאַכער האָט זיך געלאָזט איינרעדן. מען האָט אים צוגעזאָגט צו שאַפֿן אַ געלט־פֿאָנד און ער האָט זיך אונטערגענומען דורכצוקומען מיט ברישקאָן אַליין, אַז יענער זאָל נעמען געלט פֿאַרן היטן דאָס שטעטל.

אין אומאַן האָט זיך דערווײַל די לאַגע פֿון די נאַציאָנאַל־אוק־ראַינער פֿאַרערגערט. דעם איין און צוואָנציקסטן מאַי זענען די פּויערים מיט די איבערגעקערטע פּעלצן און פֿאַרדרייטע היטלען אַוועק פֿון שטאָט צוריק אין די דערפֿער, מיטנעמענדיק דאָס געווער און דאָס אָנגערויבטע יידישע גוטס. מיט דער יידישער הריגה אין אומאַן האָבן זיי געהאַלטן זייער אויפֿגאַבע פֿאַר געענדיקט. גיין אויפֿן פֿראָנט קעגן דעם אָרגאַניזירטן מיליטער פֿון דער ראַטן־מאַכט האָבן זיי נישט גע־וואָלט. בכּלל איז עס בײַ זיי אויסגעקומען משונה צו גיין ווײַטער פֿון זייער היימיש־אומאַנער געגנט, און ס׳איז געווען אַרבעטס־צײַט. אויף די פֿעלדער איז געווען וואָס צו טון. באַלד האָט מען געדאַרפֿט שניידן און שאַרן דאָס היי פֿון די לאָנקעס.

דאָס רויטע מיליטער האָט זיך פֿאַר די לעצטע עטלעכע טעג באַפֿעסטיקט און איז אַריין אין אומאַן, נאָך אַ געשלעג הינטערן שטאָט, אין דער נאַכט פֿונעם צוויי און צוואַנציקסטן מאַי. אין דער נאַכט האָט זיך אויך באַקומען אַ ידיעה, אַז די שטראָף־באַטאַליאָנען פֿון די „סאָ־וויעטן“ אין די דערפֿער האָבן געשאָסן שטאַרגינען, דעם באַגײַס־טערטן העלד פֿון דער אוקראַינער באַוועגונג, וועלכער האָט געהאַט אַ גרויסן איינפֿלוס אויפֿן פּויערטום. קלימענקאָ איז מיט פּופּציק רײַ־טער אַנטלאָפֿן פֿון שטאָט אָנצונעמען נײַע זעלנער פֿון דער פּויערי־

שעו' באַפּעלקערונג און מיט פרישע כּוחות צו קעמפן קעגן דעם ראַטן-מיליטער.

אַזוי איז ער דורכגעגאַנגען שפּעט ביינאַכט פאַרביי דובאָווע און זיינע דריי רייטער זענען אַריין אין שטעטל מיט אַ הוראַ און פייפעריי... יידן האָבן זיך אין טויט-שרעק אויפגעכאַפּט פון די בעטן, ווייבער זענען געפאַלן אין חלשות און דערווייל האָט זיך עמעצער איינגעשטעלט דאָס לעבן און איז אַוועק אין דער ליכטיקער לבנה-נאַכט צו משה שטעלמאַכער, ער זאָל זען עפּעס טון.

משה האָט זיך אָנגעטון צו גיין אין גאַס אַריין זוכן מיליציע, אָדער וועמען עס איז פון ברישקאָס חברה־לייט. אַרום זענען גע-שטאַנען זיינע זיבן קינדער און האָבן אים באַוויינט, ווי אַ טויטן. דאָס ווייבל זיינס האָט אים העלדיש פאַרשטעלט דעם וועג מיטביידע הענט. זי וועט אים נישט לאָזן גיין. ווייניק באַלעבאַטים איז דאָ אין שטאָט? צַלע באַהאַלטן זיך און אַז עס קומט אַ צרה, איז נאָר ער.

— איך וועל באַלד קומען, — האָט דער אָפּגעצערטער און אויסגעהאָרעוועטער משה שטעלמאַכער באַרויקט זיין ווייב און קינדער. ער האָט פאַרויכערט אַ ציגאַר און איז אַוועק אין גאַס אַריין.

נאָר ס'איז קיין בייז נישט געווען. מיט די הינטערשטע גער־טנער איז ער צוגעלאָפן צו דער מיליציע-פאַרוואַלטונג, גענומען אַ מיליציאָנער און איז אַוועק מיט אים איבערן שטעטל זען ווער עס טומלט דאָרטן און פייפט. אַזוי אַרום האָבן זיי אָנגעטראָפן אין גאַס קלימענקאָס דריי רייטער. מען האָט זיך מיט זיי גוט-ברודעריש באַ-גריסט און משה האָט געפרעגט, אויב זיי דאַרפן עפּעס. אַנטקעגן דער לבנה-שיין האָבן זיי אים געוויזן, אַז זיי טראָגן צעריסענע שטיוול. אויך האָבן זיי זיך געקלאָגט, אַז זיי זענען הונגעריק און ס'איז זיי טרוקן אין האַלדז פון היץ און שטויב.

—וואָס זשע איז? — האָט ער זיי געענטפערט מיט אַ שמייכל.— ווינען דאָך דאָ מענטשן... זענען מיר שוין, זאָל גאָט היטן, אַזעלכע, וואָס קיין אוקראַינער זעלנער וועלן מיר נישט אויפנעמען און מכבד זיין?.. קומט, ברידער, צו מיר!

ער האָט זיך מיטן מיליציאָנער געלאָזט גיין פאָרויס און די דריי רייטער נאָך זיי.

צוגעפאָרן צו דער שטוב, איז ער אַריין באַרויקן די קינדער און האָט באַפוילן דעם ווייבל צו גרייטן צום טיש, שטעלן בראָנפן

און געבן צו עסן דאָס בעסטע, וואָס זי פאַרמאָגט אין איר באַלעבאַ־טישקייט. די זעלנער האָבן צוגעבונדן די פערד און זענען אַריין אַ־נם יידישן שטיבל זיך אָפּרוען. גלייך האָבן זיך אַלע צום טיש גע-זעצט, מען האָט גוט־ברודעריש אויסגעטרונקען, צוגעביסן און אַזוי האָט מען פריינטלעך פאַרבראַכט די גאַנצע נאַכט. אַזוי אַרום האָבן זיי אים אויך דערציילט, אַז די רויטע „ניעכריסטן" זענען אַריין אין אומאַן און דער אַטאַמאַן קלימענקאָ איז אַוועק אין די דערפער, נאָכאַמאָל צונויפנעמען מענטשן.

שוין געווען גרויסער טאָג, ווען זיי האָבן זיך הייס געזעגנט מיטן גאַסט־פריינטלעכן דובאָווער יידל, וועלכער האָט זיי ביים אַרויס־באַגלייטן פון הויף געגעבן דריי טויזנט רובל קערענקעס אויף שטיוול.

## טז.

אין אַ צוויי טעג אַרום איז קלימענקא אַריינגעפאָרן אין אַ קאַרעטע קיין דובאָווע, אַרומגערינגלט מיט זיינע פופציק רייטער, און די פאַר-טיזאַנען, וואָס ער האָט אָנגענומען אין די נאָענטע דערפער, האָט ער איבערגעלאָזט פאַר עטלעכע וויאָרסט פון שטעטל, אינם דאָרף באַבאַנ־קע. אָפּגעשטעלט האָט ער זיך ביי זיינעם אַ פעטער, דעם פויער סטאַ־פיע קאזאַק, וועלכער איז געווען אַ רייכער און איינגעפונדעוועטער בעל־נחלה צווישן פעלדער און גערטנער, אויף דורילינס ערד-באַזיץ, לעבן דעם אַלטן דובאָווער, ישוב. זיינע רייטער זענען געבליבן אין שטעטל און האָבן זיך גע-ומען לוסטיק מאַכן אין מאַרק ביי די יידישע שפייז-געוועלבלעך. יידן האָבן גלייך פערמאַכט די קלייטן און מען איז אַוועקגעלאָפן זוכן אַ צד צו דעם אַטאַמאַן קלימענקאָ. דער גוטער יידישער מלץ איז דאָס מאָל געווען זיין פעטער סטאַפיע קאַזאַק. צוויי אומאַנער יידן האָבן לעבן זיין הויף געהאַט אַן איילפאַבריק און ער, סטאַפיע, איז געווען אַ לייטישער שכן. אין די נעכט פון די הריגות האָט ער זיי אויסבאַהאַלטן ביי זיך אין שפייכלער מיט ווייב און קינד, זענען די צוויי יידישע פאַבריקאַנטלעך צוגעפאַלן צו דעם ליי-טישן קאַזאַק, ער זאָל דעם אַטאַמאַן קלימענקאָ פאַרוואַרפן אַ גוט

פאַר די דובאָווער יידן. זאָל ער, דער אַטאַמאַן, אָנזאָגן די היגע חברה, מען זאָל היטן דאָס שטעטל פון שלעכטע מענטשן.

דער רייכער פויער האָט ערלעך דערפילט זייער בקשה, דער־בײַ האָט ער אַ ביסל אויסגעמוסרט זיין שוועסטערס זונדל, וואָס ער האָט צופיל פאַנאַנדערגעלאָזט די יונגע חברה זיינע און קיינער איז קיין באַלעבאָס נישט אויף זיין פאַרמעגן. און אויף לעבעדיקע באַשעפענישן איז אויך אַ רחמנות, כאָטש זיי זענען נישט קיין געצלמטע... קלי־מענקאָ האָט אים גוטמוטיק געקלאַפּט איבערן פּלייצע, וואָס ער שטעלט זיך איין פאַר יידן. ס'איז אים דווקא געפעלן געוואָרן. ער האָט גע-זאָגט, אַז גלייך רופט ער צונויף אין וואלאסט אַ „סכאָדקע" און די יידן פונם שטעטל זאָלן שיקן אַהין אַ דעלעגאַציע.

געגאַנגען זענען, נאַטירלעך, די שטענדיקע שלוחים, משה שטעל-מאַכער און גדליה קאָרעצקי. נאָך אַ חשובן באַלעבאָס האָט מען מיט-גענומען פאַר אַ צירונג, ווייל ער איז געווען אַ הויכער שיינער מענטש מיט אַ קיילעכדיקער שוואַרצער באָרד.

גדליה קאָרעצקי האָט זיך געשטעלט רעדן פאַר קלימענקאָן און דעם גרויסן פויערים־עולם, וועלכן ער האָט צונויפגערופן. נאָר ער איז געווען זייער אויפגערעגט, די טרערן האָבן אים אין האַלדז גע-שטיקט. האָט ער זיך געווענדט צו משהן, ער זאָל אַרויסזאָגן דעם גרויסן יידישן צער פאַר דער פויערשער „וולאַדע", און יענער האָט זיי געזאָגט אויף זיין פּשוטן שטייגער, אַז ער איז אַן אַרבעטער. מיט זיינע אייגענע צען פינגער דערנערט ער זיך מיט ווייב און קינד, ווי זיי אַלע, און ווי יעדן איינציקן איז אים טייער זיין פאַרמעגן, וואָס איז מיטן שווייס פאַרהאָרעוועט געוואָרן און ער בעט דעם „סכאָד", מען זאָל אים אָנווייזן, וועלכער ייד איז אַ קאָמוניסט דאָ אין דובאָווע: יענעם וועלן אַלע אינאיינעם, יידן און קריסטן, אויף שטיקער צע-רייסן...

— זאָלן מיר אייך דאָ אַרויסגעבן אַ פּאַפּיר, אַז איר מעגט בײַ אונדז לעבן אויף אונדזער אוקראַינער ערד? — האָבן זיך דערהערט קולות פונם פויערשן עולם. — און אין גאָלאָוואַניעווסק ווי אַזוי פּיי־ניקן אייערע אונדזערע מוזשיקעס?

נאָר בײַ די ווערטער האָט זיך אָנגערופן קלימענקאָ אַליין. ער האָט זיי געזאָגט, אַז זיי מישן צונויף די שלעכטע עלעמענטן מיט די אומשולדיקע. ער איז אַליין אַ באָלשעוויק, נאָר ער איז קעגן

דעי קאָמונע און דערבײַ האָט ער שטרענג באַפוילן, אַז עס דאַרף זײַן רויק. די, וואָס וועלן רויבן און הרגענען, וועט ער שיסן אויפן אָרט.

אין דער רגע איז געקומען צעלויפן אַ יידיש ייִנגל זאָגן משהן, אַז קלימענקיס רייטער ברעכן אַ ייִדישע קלייט און משה האָט עס דעם אַטאַמאַן געזאָגט אויפן אויער. קלימענקאָ איז בלאַס געוואָרן. ער האָט געזאָגט, אַז ער מוז גלייך אַוועקגיין און די פויערים זאָלן שוין אָן אים פירן די זיצונג. ער איז אַוועק, און ס׳האָט נישט געדויערט קיין האַלבע שעה, האָט ער מיט זײַנע רייטער פאַרלאָזן דאָס שטעטל.

# יז.

אין עטלעכע טעג אַרום זענען פונם שטעטל טאָרגאָוויצע אָנגעקומען קיין דובאָווע אַ פינף הונדערט מאַן מיט אַ רויטער פאָן און רויטע בענדער אויף די היטלען. זיי זענען אַלע געווען באַוואָפנט מיט ביקסן און האַנט־פּולעמיאָטן האָבן זיי געפירט מיט זיך. געווען זענען עס רויטע פּאַרטיזאַנען פונם געוויסן האַנדלס־פּאַסאַד נאָווי־אַרכאַנגעלסק, אין יעליסאַוועטגראַדער קרייז, וועלכער ליגט ביי דער בריק איבערן טייך סיניוכאַ, פונקט אַנטקעגן דעם שטעטל טאַרגאַוויצע און איז באַוווינט מיט סוחרים-קאַצאַפּעס. די דאָזיקע יוגנט פונם אַנטוויקלטן גרויס-רוסישן ישוב אויף דער גרענעץ-ליניע פון אוקראַינע און ניי-רוסלאַנד, זענען געווען קאָמוניסטיש געשטימט און האָבן אין בירגער-קריג פון זומער (1919) זיך געשטעלט אויף דער זייט פון דער מאָסקעווער רעגירונג. זענען זיי פרייוויליק געגאַנגען איבער די ייִדישע שטעטלעך פון אומאַנער געגנט אויסצוראָטן די היימישע באַנדיטן.

מיט דעם צוועק זענען זיי אויך געקומען קיין דובאָווע. די ייִדן פונם שטעטל האָבן זיך פאַר זיי דערשראָקן, ווייל קלימענקאָס רייטער האָבן אויך געטראָגן רויטע פאָנען און בענדער. מען האָט שוין געוואָלט לויפן צו משה שטעלמאַכער, ער זאָל זיך צונויפרעדן

מיט זיי וועגן קאָנטריבוציע, נאָר אין דער מינוט איז אָנגעקומען וואַסילי פּלאַכאָטני, אַ דובאָווער פּויער און אַ געוועזענער באַלטישער מאַטראָס, וועלכער איז געווען אַן איבערגעצייגטער קאָמוניסט און האָט זיך אויסבאַהאַלטן פאַר היימישע און פרעמדע באַנדיטן צוגלייך מיט די יידן. ער און זיין יונגע גויקע פלעגן נישט אַרויסגיין פון שטוב אָן קיין ביקס. דער דאָזיקער רויטער חבר האָט זיך אין צוויי ווערטער צונויפגערעדט מיט די אָנגעקומענע, און דערוויסנדיק זיך וועמען זיי זוכן, האָט ער זיי שטילערהייט אַרויסגעגעבן ברישקאָט קרוב, דעם פעטליורע־אָפיציר אַנדריי אָוטשאַרוק און דעם שוואַרצן מאַטראָס פעטראָ מאָניוניאָ, וועלכע זענען געווען טיכטיקע מיטאַרבע־טער ביי מאַרקעלאָן אַליין.

אַנדריושע איז שוין דאַן געווען אַ פּריוואַטער מענטש. ביי דער אומאַנער הריגה האָט ער זיך ווילעריש אַ שפּיל געטון און איז גע־קומען אַהיים נישט קיין צעפרידענער. ער האָט זיך אָפּגעזאָגט ווײַ־טער צו אַרבעטן פאַרן גליק פון אוקראַינע און איז געזעסן ביי טאַ־טע און מאַמע אויפן גאַניק פון זייער היימלעך ווייסער שטוב מיט די צוויי שמעקנדיקע ליפּעס ביי דער טיר און האָט געלעזן אַ בוך.

דער מאַטראָס מאָניוניאָ האָט באַוויזן צו באַהאַלטן זיך און אַנדריושען האָט מען אַזוי מיטן בוך אין דער האַנט אַרעסטירט. די רויטע שטראָף־פּאַרטיזאַנען פונם קאַצאַפּישן פּאַסאַד נאָווי־אַרכאַנגעלסק האָבן אים געפירט איבערן גאַס אַ טויט־בלאַסן, מיט אַ נאַקעטן קאָפּ, צוגעשטעלט אָנגעלאָדענע צוויי רעוואָלווערן צו זיינעביידע אויערן. נאָך אים איז געלאָפן זיין טאַטע, דער רייכער פּויער דעזעריע אָוו־טשאַרוק, וועלכער איז נאָך אין די אַמאָליקע יאָרן געווען אַ געפּער־לעכער שונא ישראל, און האָט געשריגן:

— ברידער, יידן, ראַטעוועט מיין קינד! ער טוט קיינעם נישט קיין שלעכטס! ער זיצט נאָר אין שטוב ביי די ביכלעך! ברידער, יידן, ווער ס׳גלויבט אין גאָט, ראַטעוועט!

אויפן שטעטל איז אָנגעפאַלן אַ פּחד. ער, דעזעריע, איז אַן אַלטער גזלן און ברישקא מיט אַנדיושען זענען נאָנטע קרובים. זייערע מאַמעס זענען אייגענע שוועסטער, וועט ער אוודאי זוכן נקמה צו נעמען פאַר אים, און די עדה יידן פאַלט צו מיט תחנונים פאַר דע־זעריעס „אומשולדיקן“ זון. די שענסטע יידישע באַלעבאַטים פון דו־באָווע בעטן פאַר אים און שווערן, אַז ער איז אין די יידישע

הריגות נישט שולדיק. משה שטעלמאַכער האָט מען מיט געוואַלט אַרויסגעשלעפּט פון שטוב, ער זאָל פאַרוואַרפן אַ פּראָלעטאַריש גוט וואָרט פאַר אַנדריושען, און באמת מישט ער זיך אַליין אין גאָרנישט. ער זיצט דאָך טאַקע נאָר אין שטוב איבער די ביכער.

די רויטע פּאַרטיזאַנען האָבן זיך געבעטן ביי די דובאָווער יידן זיי זאָלן זיך נישט מישן און זאָלן באַנדיטן קיין טובות נישט טון. דערביי האָט זיי אין דער שטיל אונטערגעזאָגט דער רויטער מאַטראָס וואַסילי, זיי זאָלן נישט הערן די יידלעך מיט זייערע פאַל-שע שטיק. זיי זענען פּחדנים. נאָר די שיינע יידישע באַלעבאַטים פון דובאָווע זענען געווען שטאַרקער. אַזוי לאַנג האָבן זיי געקושט די הענט ביי די קאַצאַפּעס פון נאָווי-אַרכאַנגעלסק, ביז יענע האָבן אויף זיי אַ שפּיי געטון אינאיינעם מיטן אַרעסטירטן און זענען אַוועק פונם שטעטל.

# יח.

דער דאָזיקער צופאַל מיט אַנדריי אָווטשאַרוק האָט שטאַרק גע-ווירקט אויף בּרישקאָן. אויב די יידן האָבן אַזאַ גרויסע דעה ביי די באָלשעוויקעס, איז דאָך די שפּיל פאַרן טייוול. דאָס רויטע שטראָף-מיליטער האָט זיך דאַן פאַרשפּרייט איבער גאַנץ אומאַנשטשינע. געגנט איז אָנצווייזן אויף ווען עס איז, שטעלט מען יענעם צו אָנגעלאָ-דענע צוויי רעוואָלווערן ביי ביידע אויערן. אויב אַזוי, האָט ער, מאַרקעלאָ, געדאַרפט וויסן, ווו ער האַלט אין דער וועלט מיט דער דובאָווער עדה יידן.

און ער האָט זיי אויסגעפּרוווט.

איינמאָל, אין אַ מיטן טאָג, זענען פון זיין רעזידענץ אין קאָר-זשאָווע אָנגעקומען אין שטעטל אַריין צוואָנציק אומבאַקאַנטע באַוואָפּנ-טע רייטער מיט אַ רויטער פאָן און רויטע בענדער ביי די היטלען און מיט זיך האָבן זיי געבראַכט ברישקאָן אויף אַ פור, געבונדן די הענט און די פיס. זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט לעבן וואָלאסט און מען האָט אויסגערופן, אַז די יידן פונם שטעטל זאָלן זיך צונויפקלויבן

וועגן זייער אַ ווילטיקן אינטערעס. יידן זענען, נאַטירלעך, באַלד געקו-מען צולויפן. דאַן האָט מען זיי געוויזן דעם אַרעסטירטן און געבונ־דענעם מאַרקעלאַ און מען האָט זיי געפרעגט, אויב ער האָט זיי קיין שלעכטס נישט געטון. זאָלן זיי זאָגן איין וואָרט, וועט מען אים דער־שיסן, ווייל זיי זענען פונם רויטן שטראָף־מיליטער, וואָס ראַט אויס די באַנדיטן.

די עדה יידן האָט עס אויסגעהערט, דערשראָקענע און צע-טומלטע, אַרומגערינגלט מיט ווייב און קינד. עטלעכע עלטערע באַלע-באַטים זענען דערווייל געלאָפן נאָך משה שטעלמאַכער, נאָר ביז יע־נער איז געקומען, האָבן זיך שוין פונם יידישן עולם אָפגערופן עט־לעכע שטימען מיט לויב-ווערטער פאַרן געבונדענעם. דאָסזעלבע האָט אויך משה באַשטעטיקט אַלס פּראָלעטאַריער און אַלע האָבן אָנגעהייבן רעדן גוטס אויפן היימישן גוטן מאַרקעלאָ, וואָס היט דאָס שטעטל, ווי אַן אויג אין קאָפּ. ניין, די דובאָווער יידן האָבן צו אים גאָרנישט און זיי בעטן, מען זאָל אים קיין שלעכטס נישט טון.

דאַן איז ברישקא אויפגעשטאַנען און האָט אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די שטריק. ער איז גלייך אַראָפּגעשפּרונגען פון דער פור און האָט זיך הילכיק פאַנאַנדערגעלאַכט פון זיין איינפאַל. געלאַכט האָבן אויך זיינע זעלנער, ווי אַזוי מען האָט אָפּגענאַרט אַ גאַנץ שטעטל יידן, נאָר די יידן אַליין האָבן „גומל” געבענטשט.

נאָכדעם ווי ברישקא האָט אויסגעפּרוווט די דובאָווער יידן, איז ער געוואָרן רויקער. גוט-ברודעריש האָט ער זיך צונויפגערעדט מיט משה שטעלמאַכער וועגן אָפּהיטן דאָס שטעטל און יידן זאָלן אים געבן צושטייער אויסצוהאַלטן זיינע פּאַרטיזאַנער. דערביי האָט ער זיך אויך אין זינען געהאַט. ער האָט געדאַרפט חתונה האָבן. פייגע־וויטעלע איז געזעסן אין קאָרזשאָווע ביי דער זעמסקער לערערין. זי האָט שוין געקאָנט אַלע תפילות און דער גלח האָט זי נישט געוואָלט שמדן.

דער קאָרזשאָווער גלח איז מיט דעם דאָזיקן ענין זייער פאַר-זיכטיק געווען. די דובאָווער געשיכטע מיט אַנדריי אָוטשאַרוק, וועלכן די יידן האָבן ביי די באָלשעוויקעס אויסגעבעטן צום לעבן, האָט אויף אים געמאַכט אַ שווערן איינדרוק. דאָס רויטע שטראָף-מי־ליטער האָט זיך אַרומגעדרייט אין דער גאַנצער געגנט! קאָן זיך אַריינכאַפּן אַמאָל זייערע אַ חברה זוכן באַנדיטן, וועלן די יידן אָנ-

ווייזן אויף אים, אַז ער מיט ברישקאָן זענען איינס, ווייל ער האָט פאַר אים אָפּגעשמדט אַ יידיש מיידל. און גלחים זענען ביי זיי בכלל פאַרדעכטיק, וועלן זיי פאַר איינס שיסן דעם פּאָפּ. ברישקאָן האָט ער עס גאַנץ איידל געגעבן צו דערקלערן און האָט אים אָפּגעשיקט צו זיין קאָלעגע, דעם ווילשענקער גלח. יענער ווינט ווייטער פון שטעטל, איז עס אים באַקוועמער צו טון.

נאָר פייגע-וויטעלען האָט דער ווילשענקער גלח אויך נישט גע-וואָלט שמדן. מעגלעך, אַז אויך צוליב דערזעלבער סיבה. נאָר גע־זאָגט האָט ער מאַרקעלאָן, אז אים איז עס שווער צו טון, ווייל דער זיידע אירער איז אַ בעל-טאַקסע און דער טאַטע איז אַ חזן. הייסט עס, אַז זי איז פון „דוכאָוונע זוואַניע”. וועלן עס די אומאַנער יידן שטאַרק נעמען אויף די ציינגער און עס וועלן זיך אָנהייבן אָנקלאַ-געס קיין קיעוו צום מיטראָפּאָליט.

ביי אַזאַ צייט שמדן אַ יידן איז זייער אַ שווערע זאַך און דעריבער האָט ער געבעטן, ער זאָל בעסער צופאָרן קיין קורטענ-קע. ס׳איז ווייט פונם שטעטל. דאָס דערפל איז אַ קליינס. דער גלח וועט עס אים דאָרטן מאַכן אין איין מינוט.

ברישקא האָט עס אים צוליב געטון. דאָך האָט ער זיך פאַרן קורטענקער גלח אויך באַוואָרנט. וויבאַלד זיין פאַניושקע איז אַזאַ גרויסע מיוחסת, וואָס די אומאַנער יידן קאָנען נקמה נעמען פאַר איר, האָט ער זיך געמוזט באַוואָרענען מיט אַ קוויטל פון די דובאָווער יידן, אַז זיי האָבן צו אים קיין טענות נישט, וואָס ער האָט חתונה מיט זייער חזנס טאָכטער און זייער בעל־טאַקסעס אייניקל.

מיט דער דאָזיקער בקשה האָט ער זיך געווענדט צו משה שטעלמאַכער. דערביי האָט ער אים דערקלערט, אַז פייגע-וויטעלע גייט בייטן די אמונה מיט איר אייגענעם גוטן ווילן און זיי ליבן זיך שוין ביידע העכער צוויי יאָר. יענער האָט אים געזאָגט, ער זאָל אַליין אָנשרייבן דאָס קוויטל. אויך זאָל ער אָנווייזן, ווער עס זאָל זיך אויף אים חתמענען. ברישקא האָט עס אָנגעשריבן, און אַחוץ אים, משה שוואַרצמאַן און גדליה קאָרעצקי, האָט ער אָנגערופן די נעמען פון נאָך דריי חשובע באַלעבאַטים אין דובאָווע.

די פינף מענטשן האָבן דאָס קוויטל אונטערגעשריבן און דער קורטענקער גלח האָט עס אַנגענומען, איינווילנדיק צו שמדן דאָס יידישע מיידל.

נאָך דער חתונה איז דאָס יונגע פּאָרפאָלק פאַרבליבן וווינען אינם דאָרף קארזשאווע, ווּ ס'האָבן זיך געפונען ברישקאָס פּאַרטיזאַנער פון דאָרטן האָט ער אַכטונג געגעבן אויפן שטעטל.

## יט.

ברישקא האָט באמת געהיט דאָס שטעטל. זיינע זעלנער פלעגן באַפאַלן יידן אין גאַס, און ווער ס'האָט געהאַט אַ פּאָר גאַנצע שטיוול, זענען זיי תּמיד דערויף געווען בעלנים. אָפט פלעגן זיי אויסליידיקן בייטלעך און נישט קאַרגן עטלעכע גוטע קלעפּ דערביי. זיינע מיטאַרבעטער פון דער אוקראינער „וולאַדע", די געוועזענע מאַטראָסן און „פריידענקער", וועלכע האָבן געררייזט איבער דער וועלט, פלעגן דאָנערשטיק אויפן יריד אויך האַלטן רעדעס וועגן יידן, אַז פריער האָט מען געמיינט, דאָס זיי זענען אויך מענטשן און אַלע זענען גלייך. דערנאָך האָבן די יידן אַלעמען אַריינגענאַרט אין זאַק. נאָר דעם זאַק האָבן זיי קיין צייט נישט געהאַט צו פאַרבינדן, דעריבער דאַרף מען זיך שיצן מיט העק אוןווידלעס אין די הענט.

אַ צווייטער פון דער דאָזיקער חברה, וועלכער האָט זיך אין דער צייט פון די באָלשעוויקעס פאַרגעשטעלט מיט פרייע אידעען און יידן האָבן אים דערפאַר געוויילט אין אַלע קאָמיטעטן, פלעגט אויך דרשענען וועגן דעם יידישן פאָלק, נאָר איידעלער. סימבאָליש האָט ער דערציילט פון אַן אַלטן שלעכטן בוים, וואָס שטערט די אַרומיקע יונגע ביימער צו וואַקסן און מען מוז דעם בוים אויסרייסן מיטן וואָרצל.

נאָר דאָס זענען אַלץ געווען קלייניקייטן, וואָס קומען פאָר צווישן אייגענע מענטשן. ברישקא איז דאָך געשטאַנען אויף דער וואַך. קיין פרעמדע באַנדיטן האָט ער אין שטעטל נישט אַריינגעלאָזן און דאָס האָט אַרויסגערופן אַ גוואַלטיקן חשק צו דובאָווע ביי דעם באַנדיטן־אַטאַמאַן קאָזאַקאָוו.

קאָזאַקאָוו איז אויך געווען פון אומאַנער געגנט. ער האָט געשטאַמט פונם שטעטל מאַנקאָווקע. מיט יאָרן צוריק איז אַהין געקו־

מען אַ גויקע מיט אַ דריי־יאָריק קינד אויף די הענט און האָט זיך געשטעלט פאַר אַ דינסט ביי דעם פריוואַטן אַדוואָקאַט דאנעצקי. גע־קומען איז זי מיטן קינד פון אדעס.

צוויי יאָר האָט זי געדינט ביי דאָנעצקין און האָט דערנאָך חתונה געהאַט מיטן מאנקאווקער פויער קאזאקאוו. דאָס קינד אירס האָט אָנגענומען דעם שטיף־פאָטערס פאַמיליע און פון אים איז עס אויסגעוואַקסן דער באַוווסטער באַנדיט קאזאקאוו.

אין מאנקאווקע האָט ער געלערנט אין דער צוויי־קלאַסישער זעמסקער שול צוזאַמען מיט פיל יידישע קינדער פונם שטעטל. ער איז געווען אין שול אַ גרויסער צולהכעיסניק, האָט מען אים דערפאַר אַרויסגעוואָרפן פון דער דריטער גרופע.

דאַן איז ער אַ שטיק צייט אַרומגעגאַנגען ליידיק און פלעגט טון אין יידישע הייזער אַלערליי אַרבעטן. איבערהויפט האָט ער ליב געהאַט צו טראָגן עופות צום שוחט אויף צום שחטן, נאָר צו דער צייט האָט זיך אויף אים אומגעקוקט זיין מאַמעס געוועזענער באַלע־באָס, אַדוואָקאַט דאנעצקי און האָט אים צוגענומען פאַר אַן אָנטריי־בער אין דער חברה פייער־לעשער, וועלכע ער האָט אָרגאַניזירט אין מאנקאווקא. דערנאָך איז קאזאקאוו געווען אַ משרת ביי דעם זעמ־סקין דאָקטאָר זעלינסקי, נאָר באַלד איז ער ווידער אַריבער צו דאָ־נעצקין. דאָס מאָל האָט ער ביי אים געדינט אַלס שומר אויף די בוראַקעס־פעלדער.

אין דער מלחמה־צייט האָט מען קאזאקאוון מאָביליזירט און ער איז אַוועק דינען אין מיליטער. געדינט האָט ער אין אָדעס, נאָר נישט קיין סך: ער איז אַנטלאָפן פון מיליטער און איז געוואָרן אַ דעזערטיר. געקומען איז ער אַהיים קיין מאנקאווקע און האָט גע־בראַכט מיט זיך צוויי רעוואָלווערן מיט אַ ביקס. ביי דער מוטער איז ער דאַן נישט געווען, ווייל ער האָט מורא געהאַט, אַז מען וועט אים כאַפן. זיין שטיף־פאָטער איז שוין דאַן געווען טויט. די מוטער האָט געהאַנדלט, פאַרדינט געלט און האָט צוליב דעם געהאַט פיל שונאים צווישן די שכנהשע פויערים. זי פלעגט אָפט פאָרן קיין אָדעס און ברענגען פון דאָרטן שניט־סחורה מיט פאַרטיקע קליידער.

קאזאקאוו האָט זיך אויסבאַהאַלטן פון זיין מאַמעס נישט פאַר־גינער ביז דער רעוואָלוציע. עטלעכע מאָל האָט מען אים גע־כאַפט. אַ געבונדענעם האָט מען אים געפירט קיין אומאַן און ער

פלעגט אַלץ אַנטלויפן. אויסבאַהאַלטן האָט אים תמיד זיינער אַ קרוב אסטראזשניק, פון אַ נאָנטן דאָרף.

נאָך דער רעוואָלוציע, ווען עס איז דערקלערט געוואָרן אַלע דעזערטירן אַמניסטיע, איז קאזאקאוו צוריק אַוועק אין מיליטער. אַ לאַנגע צייט האָט מען פון אים נישט געהערט. די מוטער פלעגט דערציילן, אַז ער איז אין אָדעס אַ גרויסער מיליטער-מאַן געוואָרן. דאָרטן האָט זיך אויך אָנגעהייבן זיין באַנדיטן-קאַריערע.

געווען איז עס אין אַפּריל 1919־טן יאָר, באַלד ווי פּעטליורע איז געקומען צו דער מאַכט. אַרויסטרעטנדיק קעגן די רויטע, האָט ער גלייך אָנגעהייבן מיט הריגות אויף יידן. אין אָדעס האָט ער דעמאָלט אויפן גרויסן פאנטאן אויסגעהרגעט אַלע יידישע מיליציאָנערן און איז מיט אַ זעכציק מענטשן זיינע אָנהענגער אַנטלאָפן מיטן באַל-טער טראַקט קיין פּאָדאָליע, קוילנדיק אויפן וועג אין אַלע יידישע שטעטלעך גרויס און קליין. אַזוי האָט ער אויך געטויט די עדה יידן פון היימישן שטעטל מאנקאווקע.

געווען איז עס שוין אין יוני, ווען אין אומאַנער געגנט איז דער היימיש-פויערשער באַנדיטיזם געוואָרן אַ וואָכעדיקע זאַך. יעדעס רירעוודיק שייגעצל פונם דאָרף פלעגט צונויפנעמען אַ צענדליק פון זיינע חברים, ביי דער מאַמען האָט ער אַוועקגעשלעפט עפּעס אַ רויט געפאַרבטע שמאַטע, איז געוואָרן אַ פּאַן. עטלעכע העק און ווידלעס פלעגט מען נעמען אין די הענט און מאַרש איבער די שטעטלעך הרגענען יידן. גאַנצע קהילות פלעגן זיך באַהאַלטן אויף די בוידע־מער פאַר די דאָזיקע עטלעכע פויערים־יינגלעך. די שענסטע מענטשן פונם יידישן אוקראַינער ישוב האָבן זיי געקושט די קויטיקע הענט־לעך און פיסלעך און אויסגעקויפט ביי זיי דאָס לעבן מיטן פאַרהאָ-רעוועטן פאַרמעגן פון דורות. אַרום זענען געשטאַנען די היימיש־ליי-טישע פויערים מיט ווייב און קינד און מען איז געפאַלן פאַר גע-לעכטער. איבערהויפּט פלעגן דעם עולם געפעלן די חוזק־טויטן, וואָס די דאָזיקע שקצים פלעגן צוטראַכטן פאַר יידן. שפּעטער זענען זיי אַזוי פּאָפּולער געוואָרן ביי דער פויערשער באַפעלקערונג, אַז אויף די ירידים פלעגט מען זיך לוסטיק מאַכן מיט יידישע הריגות און די דאָרפס־יוגנט איז געלאָפן עס אָנקוקן, ווי אויף די וונדער־פאָר־שטעלונגען פון צירק.

צו דער גינסטיקער צייט איז קאזאקאוו געקומען אין זיינע

היימישע אומאַנער פעלדער. וואָס נענטער ער איז געווען צו אומאַנ־
שטשינע, אַלץ מער מיטגעפיל האָט אים אַרויסגעוויזן די קריסטלעכע
באַפעלקערונג. דערביי האָט איבער אַלע יידישע הריגות געפלאַטערט
די אוקראַאינער געל־בלויע פאָן און די אָנפירער זענען געווען סטו־
דענטן און לערער, וועלכע האָבן געהייסן מיט איידעלע נעמען „ליב־
קע עס־ערן". געקוילעט יידן האָט מען געזעצלעך אין דעם נאָמען
פון דער פאָלקס־„וולאַדע". קאזאקאָוו האָט זיך דערפילט ממש, ווי אַ
פיש אין וואַסער. אים איז איינגעפאַלן אַראָפּצוּוואַרפן פון זיך דעם
שענדלעכן נאָמען באַנדיט און ווערן אַ פאָלקס־קעמפער פאַר דער
אוקראַאינער רעפּובליק צוגלייך מיט קלימענקאָ און זיינע חברים.

## כ.

מיט אַזעלכע וויכטיקע געדאַנקען איז קאזאקאוו מיט זיינע
„זעלנער" ערב שבועות תרע"ט אריין קיין דובאָווע אום צונויפצורעדן
זיך וועגן אַ געמיינזאַמער „אַרבעט" מיטן אַטאַמאַן קלימענקאָ, וועלכער
האָט דאַן מאָביליזירט זיינע פויערים־חיילות אין די אַרומיקע דער־
פער.

ער איז אַריין אין שטעטל מיט אַ הונדערט און פופציק מאַן,
אַלע אָנגעטון ווי מאַטראָסן, מיט רויטע בענדער אויף די היטלען און
צוויי רויטע פאָנען אין די הענט. דער אַטאַמאַן אַליין האָט געטראָגן
אַ פיינגעניייטן פרענטש. אַלע האָבן זיי זיך אָפּגעשטעלט אין מאַרק
און האָבן באַטראַכט דאָס שטעטל.

משה שטעלמאַכער איז גלייך אַוועק צום וואלאסט פרעגן דעם
פּאָרזיצער פון דער פאָלקס־„וולאַדע" סמעלניצקין, וועלכער איז שוין
דאַן געשטאַנען אויף דער וואַך ביי די דובאָווער יידן איבאיינעם מיט
קאפּניקן, ווייל מען האָט זיי גוט באַצאָלט דערפאַר — אפשר ווייס
ער, ווער די אָנגעקומענע זענען.

— זיי רופן זיך רויטע מאַטראָסן, — האָט סמעלניצקי געענט־
פערט, — נאָר עפּעס זענען עס נישט קיין גוטע מאַטראָסן...

דערווייל איז אָנגעקומען דער אַטאַמאַן מיטן פרענטש אוז זיי

זענען אַלע דריי אינאיינעם אַוועק צו אַ פויער, ווו ס'איז געווען אַ שענק. שפּעטער איז משה אויך צוגעקומען אַהין. זיי זענען געזעסן ביים טיש און האָבן געטרונקען בראָנפן. ווען ער איז שטיין גע־בליבן ביי דער טיר, האָט אים דער אַטאַמאַן געזאָגט, אַז ער קאָן אַריינגיין, נאָר משה האָט געענטפערט, אַז ער דאַרף דעם סטאַרשינע פון דער „וואָלאַדע". סמעלניצקי איז צו אים אַרויסגעגאַנגען אין הויף און האָט אים געזאָגט, אַז ער פאָדערט אַ יידישע דעפּוטאַציע.

ער איז גלייך אַוועקגעלאָפן נאָך גדליה קאָרעצקי, נאָר יענער איז אינדערהיים נישט געווען, האָט ער געכאַפּט אין גאַס אַן עלטערן מענטשן, איינעם שלום דייטשמאַן, און איז מיט אים אַוועק צוריק אין שענק.

זיי זענען געזעסן אין דרייען ביים פלעשל בראָנפן, ווי פריער. דער אַטאַמאַן האָט זיך אומגעקוקט פון אונטערן שטערן אויף די צוויי יידן און האָט זיי געפרעגט, אויב זיי ווייסן ווער דאָס מילי־טער איז? דערויף האָט משה געענטפערט טאַקטיש און איינגעהאַלטן, אַז זיי ווייסן פונם סטאַרשינע, דאָס זיי זענען באָלשעוויקעס און גיי־ען קעגן קאָמוניסטן. דערמיט זענען יידן מסכים און ווילן מיטהעלפן די, וואָס גייען פאַרן פאָלק.

דער אַטאַמאַן האָט אַ קוק געטון אויפן זייגער, וואָס ער האָט ביי זיך אויף דער האַנט געטראָגן און האָט אָפּגעטאָקט וואָרט ביי וואָרט, אַז אינם משך פון אַ האַלבע שעה זאָל מען אים ברענגען פינף און צוואָנציק טויזנט רובל, אַ האַלבן פוד ווורשט, האָבער פאַר די פערד און מיטאָג מיט בראָנפן פאַר די זעלנער.

משה האָט באַפוילן סמעלניצקין געבן די „סאָלדאַטן" אויף זיין חשבון, וואָס מען באַדאַרף און אַליין איז ער מיטן געכאַפּטן דעפּו־טאַט אַוועקגעלאָפן אין שטעטל אַריין זוכן מענטשן און רופן אַלעמען אין קלויז אויף אַן אַסיפה. דער עולם איז זיך גלייך צונויפגעקומען און מיטן קוק האָט מען גלייך צוזאַמענגענומען די פינף און צוואָנציק טויזנט רובל. יעדער האָט אָפּגעגעבן וויפל ער האָט נאָר געהאַט ביי זיך.

נאָר ביים אָפּגעבן דאָס געלט איז געשען אַן אומגליק. דעם אַלטן שלום דייטשמאַן איז איינגעפאַלן צו בעטן דעם אַטאַמאַן, ער זאָל נעמען ווייניקער, ווייל אין שטעטל וווינען אָרעמע מענטשן. יע־נער איז געוואָרן אין כעס, דאָס פנים איז אים רויט געוואָרן און

זיין בלאָנדע צושויבערטע קוטשמע האָר האָט זיך אים נאָך מער צו־שויבערט. ער האָט אַ שמיץ געטון צוריק דאָס געלט מיט קולות:

— ראַטעוועט זיך, ווער עס קאָן! איך צינד אונטער דאָס שטעטל!

משה האָט אים אָנגעהייבן בעטן, ער זאָל זיך נישט שטעלן אויף די רייד פון אַן עלטערן מענטשן. געבעטן האָבן אים אויך די צוויי היימישע קריסטן און ס'האָט נישט געהאָלפן. נאָר צו דער צייט האָט משהן אַרויסגערופן אין הויף אַ שוואַרצינקער מאַטראָס מיט קליינע לויפנדיקע אייגעלעך און האָט אים געזאָגט אין דער שטיל, ער זאָל זיין רויק. דער אטאמאַן וועט נעמען דאָס געלט. ער, דער שוואַרצינ־קער, וועט עס פועלן ביי אים.

דערווייל האָבן זיך אַלע געלאָזט גיין אין גאַס. דער שוואַרצינ־קער מיטן „טאמאַן פאַרו'ס און די איבעריקע נאָך זיי. אינמיטן וועג איז מען אַריין צו אַ פויער אין שטוב. דאָ האָט ער איינגעוויליקט צו נעמען דאָס געלט. דער אטאמאַן האָט עס איבערגעציילט, פאַרבראַ־קירנדיק דריי פופציקער, אויך האָט געפעלט אַ פינפהונדערטער און יזידער האָט זיך אָפּגערופן דער אַלטער שלום דייטשמאַן, אַז דער אטאמאַן האָט געקאָנט אַ טעות האָבן אין ציילן. ביי די ווערטער האָט ער ווידער אַוועקגעוואָרפן דאָס געלט. נאָר משה האָט זיך נישט פאַר־לוירן. ער האָט אָנגעהייבן טענהן, אַז דער אַלטער איז שלעפעריק און דערפאַר פּלאָנטערט ער מיט דער צונג. דער אטאמאַן האָט לסוף צוגענומען דאָס געלט און באַפוילן. דער אַלטער זאָל אַוועק פון זיינע אויגן. אויך האָט ער געפאָדערט פינף פלעשער בראָנפן. משה האָט אים אין דער רגע געבראַכט דעם בראָנפן מיטן פינפהונדערטער און דער אטאמאַן האָט געגעבן זיין וואָרט, אַז זיינע „זעלנער" וועלן אין שטעטל גאָרנישט אָנרירן.

די נאַכט איז אַריבער רויק. אין קאָמיטעט פון דער „וולאַדע" האָט מען שוין געוווּסט, אַז דאָס איז קאָזאַקאָוו און מען האָט עס אויך איבערגעגעבן משהן. גענעכטיקט האָט דער אטאמאַן מיט זיינע זעלנער אין דאָרף און דאָרטן איז עס געווען אַ יום־טוב. ער האָט באַשאָנקען די פויערים־יוגנט מיט יידיש גאָלד און זילבער און אין יעדן הויז איז דאָרטן געווען אַ סעודה מיט האַרמאָניקעס, געזאַנג און טענץ. דער שוואַרצער מאַטראָס האָט נאָר דאָרטן אויסגעפעלט. ביז ביינאַכט איז ער געזעסן ביי משהן אין שטוב. ער האָט ביי אים אָוונט־ברויט געגעסן און, זיצנדיק ביים טיש, האָט ער אים דערציילט

בסוד־סודות, אַז ער איז אַ יידיש קינד פון אדעס. פאַר אַ גניבה זעי־נען זיי ביידע מיטן אטאמאַן אַמאָל געזעסן אַרעסטירט און פון דעי־מאָלט אָן זענען זיי גוטע חברים. איצט גייט ער מיט אים צו זיין אַ מליץ פאַר יידן. אַזוי האָט ער אָפּגעראַטעוועט פון טויט גאַנצע שטעטלעך. משה האָט מורא געהאַט אַ סך איבערצופרעגן און האָט אים נאָכגעזאָגט שבחים פאַרן גוטס, וואָס ער טוט מיט יידן.

אינדערפרי איז קאָזאַקאָוו אַוועק קיין באַבאַנקע צו קלימענקאָן אים איבערצורעדן וועגן „אַרבעט" מיט פּאַרטייניקטע כוחות. נאָר קלימענקאָ האָט אים געענטפערט שטרענג, אַז באַנדיטן שיסט ער אויפן אָרט און שוין האָט ער פאַראָרדנט מען זאָל אים אַרעסטירן. נאָר ער האָט באַוויזן צו אַנטלויפן אין אַ צווייטן דאָרף און האָט זיך דאָרטן באַהאַלטן.

אין דובאָווע איז דערווייל געוואָרן אַ מהומה. אין שפּעטן פרי־מאָרגן, ווען זיינע „רויטע" מאַטראָסן האָבן זיך געוואָלט פאַרנעמען צו אים קיין באַבאַנקע און מיט זיי אויך די פויערים־יונגען פון די דאָרפישע גאַסן, וואָס זענען די נאַכט צוגעשטאַנען צו זייער אטאמאַן, איז אַ דובאָווער יידן זכריה קאָזאָדאָי איינגעפאַלן אָנקלאָגן די היימי־שע מערדער, וועלכע האָבן אין דער ערשטער נאַכט פון דער דובאָ־ווער הריגה געטויט ביי דעם קצב דוד פורמאַן אין שטוב זיינע צוויי קליינע קינדער.

געווען איז עס דעם ערשטן טאָג שבועות. יידן אין געווענטע־טענע קאַפּאָטעס און ווייבער אָנגעטון אין זיידנס, זענען געגאַנגען פון די שולן. זכריה, אַ רויסקומענדיק פון קלויז, האָט דערזען מאַטראָסן מיט רויטע פאָנען, איז ער געווען זיכער, אַז דאָס זענען באָלשעווי־קעס. איז ער צוגעגאַנגען און האָט זיי דערציילט פון דער גרויסער נבלה, וואָס היימישע מענטשן האָבן אים אָפּגעטון.

אַרום איז באַלד געוואָרן אַ רעש. פון די פויערשע גאַסן האָט זיך געלאָזט לויפן אַן אויפגערעגטער ערב־רב, וועלכער האָט אַרומגע־רינגלט זכריהן צו מאַכן אים אויפן אָרט אַ „סאַמאָסוד", לֹמאי ער פאַר־מסרט דאָס דאָרף פאַר פרעמדע מענטשן. אַ נס, וואָס די דאָזיקע „רויטע" זענען נישט קיין באָלשעוויקעס. אַזוי וואָלט מען דאָך שוין צוגעשטעלט אָנגעלאָדענע רעוואָלווערן צו ביידע אויערן יעדן איינ־ציקן, וואָס דער זשיד זכריה וועט אָנווייזן.

נאָר זכריה איז געשטאַנען צווישן דעם אויפגערייצטן פויערים־

המון אַ צעבלוטיקטער מיט אַן אויסגעפּליקטער באָרד און האָט גע־
שריגן, אַז ער מוז איבערגעבן צו אַ משפּט די גזלנים, וואָס האָבן
געהרגעט זיינע אומשולדיקע קינדער.

דערויף האָבן אים געזונטע פּויערים-הענט געענטפערט מיט
קלעפּ פון אַלע זייטן. אַרום זענען געשטאַנען יידן און ווייבער, אָנ-
געטון אין יום-טובדיקן מיט די מחזורים און טלתים אין די הענט
און האָבן געבעטן רחמים. ווי זיי, די יידן, האָבן אויסגעבעטן דאָס
לעבן פון דעזעריעס זון ביי די רויטע קאַצאַפּעס פון נאָווי-אַרכאַנ־
געלסק, אַזוי זאָלן זיי איצט רחמנות האָבן אויף זכריהן. ער איז אַ
טאַטע, דאָס לעבן איז אים פאַרביטערט צוליבן טויט פון זיינע קינ־
דער, רעדט ער זיך אויט דאָס האַרץ. נאָר די יידן פונם שטעטל
זענען ערוב, אַז ער וועט די היימישע קיינעם קיין שלעכטס נישט
טון. דאָס בעטן און תחנונים האָט אָבער קיינער נישט דערהערט.
אַ טעמפּע הייזעריקע ברומעריי האָט פאַרהילכט די לופט, אַרום האָבן
זיך באַוועגט רויט-אויפגעקאָכטע פנימער און געשמידטע פויסטן. אי-
בער די קעפּ האָבן קעגן דער זון אויפגעבליצט העק און מעסערס.

נאָר אין דער רגע איז אַ נס געשען. ס׳האָט זיך דערהערט אַ
שאָס פון אַ האַרמאַט און פון קאָרזשאָווער זייט האָט אָנגעהייבן
קלאַפּן אַ פּולעמיאָט און אַ קנאַלנדיקע ביקסן־שיסעריי. דאָס האָט קלי־
מענקאָ געשאָסן אויף קאַזאַקאוון מיט זיינע באַנדיטן און ברישקאָ
מיט זיינע פּאַרטיזאַנען זענען אָנגעקומען פון דער אַנדערער זייט.
אַזוי אַרום זענען די פּויערשע גאַסן אויסגעקומען צווישן צוויי פייַ־
ערן. דער אויפגעבראַכטער המון האָט אָפּגעלאָזט דעם געהלשטן
זכריהן און האָבן זיך געלאָזט לויפן צו דער בריק. געלאָפן ערגעץ
זענען די „רויטע״ מאַטראָסן און צוויי פּויערים-יונגען, וועלכע זענען
די נאַכט צוגעשטאַנען צו קאַזאַקאוון, האָבן אויסגעטון פון זיך די
ווייס אויסגענייטע העמדער און האָבן זיי אויפגעהייבן אין דער הויך
אויף שטעקנס, אַלס צייכן, אַז זיי גיבן זיך אונטער.

די שיסעריי האָט גלייך אויפגעהערט. ברישקאָ מיט זיינע
פּאַרטיזאַנען זענען אַריין קיין דובאָווע און האָבן אַנטוואָפנט די עט־
לעכע רויט-פאַרשטעלטע מאַטראָסן, וועלכע זענען נאָך פאַרבליבן אין
שטעטל. אויך האָט ער צוגענומען ביי דער פּויערים-יוגנט דאָס גע-
ווער, וואָס קאַזאַקאוו האָט זיי די נאַכט געגעבן און קאַזאַקאוון אַליין
האָט מען, לויט קלימענקאָס באַפעל, דעמזעלבן טאָג אַרעסטירט און

געבראַכט קיין באַבאַנקע צו אים אין שטוב אַריין. אויף מאָרגן, מיטן זון־אויפגאַנג, האָט ער באַשטימט אים צו דערשיסן.

נאָר די אויפגערייצטע באַבאַנקער פויערים זענען שוין איצט געווען שטאַרקער פונם אוקראַינער לינקן „עס־ער" קלימענקאָ. ביינאַכט האָבן זיינע אייגענע זעלנער באַפרייט קאזאקאוון און געלאָזט אים לויפן, וווהין זיין האַרץ גלוסט. ער איז אַוועק אין די אַרומיקע דערפער, ווו ער האָט אָנגעטראָפן אַ סך פון זיינע מאַטראָסן און איז מיט זיי אַריין קיין דובאָווע צו פאַרנעמען מיט זיך די דאָרפס־יונגען, וואָס ער האָט דאָרטן באַוואָפנט.

אָפגעשטעלט האָט ער זיך לעבן דער טעלעפאָן־סטאַציע און איז אַריין צו דער טעלעפאָניסטין יעלענע וואסיליעוונע, מיט וועלכער ער האָט זיך באַקענט און באַפריינדט, ווען ער איז דאָ געווען דאָס ערשטע מאָל. זיינע „מאַטראָסן" זענען שוין געווען אָן די רויטע בענדער אויף די היטלען. אָנטרעפנדיק דעם ערשטן פאַרבייגייענדיקן מיליציאָנער, האָבן זיי אים באַפוילן. ער זאָל גיין זאָגן דעם שוואַרצן יידל, וואָס איז תמיד מכבד סאָלדאַטן, אַז זיי זענען הונגעריק. דער מיליציאָנער איז אַוועק און האָט עס איבערגעגעבן משה שטעלמאַכער און יענער איז גלייך געקומען מיט ברויט, שינקע און בראָנפן. איינעם מיטן מיליציאָנער זענען זיי אַוועק אין וואלאסט און האָבן זיך דאָרטן געזעצט עסן.

אָבער אין דער מינוט האָט מען אָנגעהייבן באַשיסן דאָס שטעטל, דאָס האָט מען געגעבן צו וויסן ברישקאָן, אַז קאזאקאוו איז ווידער אין דובאָווע און ער האָט זיך מיט זיינע פאַרטיזאַנען געלאָזט איבער דער בריק, צו כאַפן אים אַ לעבעדיק, אָדער אַ טויטן.

נאָר די דובאָווער פויערים האָבן אים אָפגעטון דאָסזעלבע, וואָס מען האָט געטון דעם אַטאמאַן קלימענקאָ אינם דאָרף באבאנקע. ביז מאַרקעלא האָט אָפגענומען דאָס געווער ביי זיינע פינף „זעלנער", וואָס זענען נאָך געווען באַוואָפנט, זיצנדיק אין וואָלאָסט ביי דעם יידיש־קהלשן מיטאָג פון משה שטעלמאַכער, איז קאזאַקאָוו ערגעץ נעלם געוואָרן. באַהאַלטן האָט אים דאָס איינגעהויקערטע אַלטע מיידל, יעלענע וואַסיליעוונע, ביי וועלכער ס'האָט זיך אויפגעבליט אַ ראָמאַן מיט קאָזאקאָוון. ווען ברישקא איז אַריין אים זוכן אין דער טעלעפאָן־סטאַציע, איז שוין דער באַנדיט געווען פאַרשטעקט ביי איר אין צימער אין אַ שאַפע, צווישן אָנגעהאָנגענע קליידער און מאַנטלען.

אים, מאַרקעלאָן אַליין, האָט זי געזאָגט, אַז ער איז אַנטלאָפן דורכן פענסטער אין הויף אַריין. באַשטעטיקט האָט עס אויך דער באַלעבאָס פונם הויז דימיטרי שאַבאָלינסקי.

ער איז דווקא געווען פון די „פריידענקער". פאַר קערענסקין האָט ער געדינט אין מיליטער און אַז דער פראָנט איז זיך צעלאָפן אַהיים, איז ער געקומען קיין דובאָווע מיט פרייע געדאַנקען פון אַ באָלשעוויק. ער איז געווען אַ רייכער פויער, געהאַט ערד און איז געווען אַ גוטער שוסטער-אַרבעטער. אויך האָט ער געהאַנדלט מיט חזירים און האָט זיך אויסגעבויט די שענסטע צוויי הייזער אין דובאָווע. דאָס ווייב זיינס, טאָליע שאַבאָלינסקי, איז ביז דער חתונה געווען אַ דינסט אין יידישע הייזער. אַ לאַנגע צייט האָט זי אויך געדינט ביי דער רביצין. זי פלעגט אויך האַנדלען איף די ירידים מיט אַלערליי סחורות. ביידע זענען זיי געווען זייער היימיש מיט יידן, ביידע האָבן גוט יידיש גערעדט און טאָליעס יידישע ווערטלעך זענען געווען מלא חן.

אין דער הריגה־נאַכט פון פסח שני האָבן זיך ביי דימיטרין אַ סך יידישע משפחות אויסבאַהאַלטן. דאָך האָט דערזעלבער דימיטרי געהאָלפן דער פאַרקריפלטער טאָכטער פון די פינסטערע און רויב-דאָרשטיקע אומאַנער פאָרשטעט, צו שיצן דאָס לעבן פונם באַנדיטן-אטאמאַן קאָזאַקאָוו. מעגלעך, אַז ער האָט מורא געהאַט פאַר נקמה פון די דאָרפישע גאסן, ווו מען האָט געקוקט אויף קאזאַקאָוון, ווי אויף אַן אייגענעם מענטשן, וועלכער שטעלט זיך איין פאַר די פויערים און גייט קעגן די זשידעס. נאָר גיכער האָט ער נישט געוואָלט ביי זיך אין שטוב האָבן קיין שיסעריי, מען זאָל אים נישט צעברעכן די גרויסע פענסטער פון דער טעלעפאָן־סטאַציע, און דעריבער האָט ער אים גוט באַהאַלטן. ווען מאַרקעלא האָט אַרומגערינגלט זיין הויף מיט אַ וואַך און איז אַליין אַריין אין שטוב באַזוכן אַלע ווינקעלעך, האָט יעלענאַ וואַסיליעוונע קאזאַקאָוון דורך דער הינטער־טיר אַראָפּגעלאָזט אין קעלער, ער זאָל דאָרטן אַריינקריכן אין אַ ליידיקן פאַס און זאָל אַרויפוואַרפן עטלעכע זעק פון אויבן.

ברישקא האָט אומעטום געזוכט. שאַבאָלינסקין האָט ער געדראָט אַז וועט אים אונטערצינדן די שטוב און דער גאַנצער הויף זיינער וועט אַוועק מיטן פייער. נאָר יענער האָט אים געשוואוירן מיטן געזונט, אַז ער איז דאָ ביי אים נישטאָ. ער האָט אים אויך געשיקט

באַקוקן דעם קעלער. מאַרקעלאָ האָט אים שוין געעפנט, נאָר ער האָט זיך צוריקגעהאַלטן... ער האָט שוין איצט געגלויבט דימיטרין אויפן וואָרט. שאבאלינסקי איז דאָך געווען אַ מענטש מיט פרייע גע-דאַנקען. ס'האָט זיך נישט געגלויבט, ער זאָל שיצן באַנדיטן ביי זיך אין שטוב.

# כא.

קאזאקאוו איז איבערגעזעסן ביי שאבאלינסקין ביז שפעט ביי-נאַכט, און ווען דאָס לעצטע פייערל האָט זיך אויסגעלאָשן אין די יידישע הייזער, האָט אים דימיטרי אַרויסגעפירט אויף אַ פור אין פעלד אַריין, ער זאָל אַנטלויפן אין דער ווייטער וועלט, מאַרקעלאָס אויג זאָל אים נישט קענען געפינען. נאָר קאזאקאוו איז ווייט נישט געלאָפן. אין די נאָנטע דערפער ניעביליוקע און אוקסאָנינאָ האָט ער אָנגענומען „זעלנער" און איז מיט זיי אַוועק קיין טארגאוויצע, פינף און צוואָנציק וויאָרסט פון דובאָווע.

און דאָרטן איז געשען אַ נס.

פון יענעם שטעטל האָט געשטאַמט דער שוואַרצינקער יידישער מאַטראָס, וועלכער האָט זיך מיט קאזאקאוון באַפריינדט, ווען זיי זע-נעןביידע געזעסן אין אָדעס אַרעסטירט פאַר גנבות. אין דער גרוי-סער מהומה, ווען קלימענקאָ האָט אָנגעהייבן צו שיסן פון אַ האַרמאַט אויף קאזאקאווס „מאַטראָסן", איז ער אַנטלאָפן אַהיים צו זיינע אַל-טע טאַטע און מאַמע, וועלכע האָבן געמיינט, אַז ער איז אין דער מלחמה ערגעץ אומגעקומען.

אין עטלעכע טעג אַרום איז אַריין קאזאקאוו מיט זיינע נייע „זעלנער" קיין טארגאוויצע און האָט זיך דאָ באַגעגנט מיט זיין יידישן חבר. יענער האָט אים אָנגעהייבן בעטן אויף זיין שטייגער, ער זאָל דעם שטעטל קיין שלעכטס נישט טון, ווייל דאָ וווינען אָרע-מע יידן און בעלי-מלאכות, וואָס דערנערן זיך מיט זייערע אייגענע צען פינגער. דערביי האָט ער אים דערציילט פון זיינע אַלטיטשקע

טאַטע און מאַמע, וואָס האָבן זיך אויסגעוויינט די אויגן, וואַרטנדיק אויף אים. דערנאָך איז ער מיט אים געגאַנגען צום טייך און האָט אים געוויזן דאָס אָרט לעבן דער בריק, ווו ער פלעגט זיך יינגלווייז אראָפּלאָזן אין די טיפענישן אונטערן וואַסער. אויך האָט ער אים געוויזן די פויערשע סעדער מיט די הויכע שטעכעדיקע פּלויטן, ווו ער פלעגט קלעטערן אין די פינסטערע נעכט גנבענען עפּל. און קאַ־זאקאוו האָט אים צוליב געטון. ער האָט געשענקט די טארגאוויצער יידן דאָס לעבן, נאָר ער האָט געפאָדערט ביי זיי זעכציק טויזנט רובל קאָנטריבוציע.

און אַז דאָס האָבן דערהערט די געוויסע רויטע קאַצאַפּעס פונם האַנדלס־פאַסאַד נאָווי־אַרכאַנגעלסק, וועלכער געפינט זיך אויפן אַנ־דערן ברעג טייך, פונקט אַנטקעגן טארגאוויצע, האָבן זיי געשיקט בסוד־סודות אַ שליח צו די יידן פונם שטעטל, זיי זאָלן נישט וואַגן צו געבן די באַנדיטן קיין קאָנטריבוציע, ווייל מען וועט זיך שוין מיט זיי אָפּרעכענען אויף אַן אַנדער אופן. און וועט מען נישט פאָלגן, וועלן קומען חברה פון פאַסאַד און מען וועט חרוב מאַכן דאָס שטעטל.

קאזאַקאוו מיט זיינע „סאָלדאַטן" זענען דערווייל אַריבער די בריק און זענען אַריין אין נאָווי־אַרכאַנגעלסק. געווען איז עס שוין פאַרנאַכט. די מיליציע פונם פאַסאַד האָט זיי זייער שיין אויפגענו־מען. מען האָט זיי באַלד געגעבן אַן אָרט אויף נאַכטלעגער אין אַ גרויס הויז, ווו עס איז אַמאָל געווען אַ טאַנץ־זאַל. שפּעטער זענען אַהין אָנגעקומען אַ סך יונגע חברה. מען האָט אָנגעהייבן טרינקען מיט די אָנגעקומענע און ברידערן זיך. אַזוי האָט מען פאַרבראַכט ביז שפּעט אין דער נאַכט אַריין, און אַז יענע זענען שוין געווען גוט שיכור, האָט מען אויף זיי געוואָרפן אַ באָמבע, פון וועלכער ס'זע־נען אומגעקומען זייערע פערצן מענטשן. די איבעריקע זענען אַנט־לאָפן אין די פינסטערע פעלדער אַריין און קאזאקאוון אַליין האָט אויך אָפּגעגליקט צו אַנטלויפן מיטן לעבן

# כב.

פונם צווייטן טאָג שבועות, ווען ברישקאָ האָט פאַרטריבן קאַ־זאקאוון, ביז כ׳ סיון איז אין דובאָווע שטיל געווען. פאַר דער צייט האָט דאָס שטעטל נאָר איבערגעשראָקן דער געוועזענער שפּיאָן פונם העטמאַן, מוזשילינסקי. ער איז געווען אַרבעטסלאָז, האָט ער פאַרנומען עטלעכע יונגע חברה-לייט פון די געוויסע אומאַנער פאָרשטעט און איז מיט זיי אַוועק זוכן גליק אין די יידישע שטעטלעך פון דער אַרומיקער געגנט. נאָר זיי זענען געווען זייער קליין אין צאָל און האָבן אויסגעזען ווי שטאָט־לייט, שטאָטיש-געקליידט, אין נייע אַנצו-גען מיט געלע שיך און קאַפּעליושן, וואָס מען האָט ערשט אָנגע־רויבט אין די אומאַנער הריגה-טעג, זענען זיי אַריין דורך די דאָר-פישע גאַסן און די פויערים-יוגנט האָט זיי אויפגעהייבן אויף אַ געלעכטער. דאָך האָבן זיי באַרויבט עטלעכע יידישע קלייטן און משה שטעלמאַכער האָט זיך מיט זיי אויסגעדונגען די קאָנטרי־בוציע פאַר פופצן טויזנט רובל... אונטער די חוזק-געלעכטערס פון דער פויערשער באַפעלקערונג זענען זיי שטיל און שעמעוודיק אַוועק פונם שטעטל און די עדה יידן האָט גומל געבענטשט.

ברישקאָן האָט מען צו דער צייט זעלטן געזען אין דובאָווע. ער איז דורכאויס געווען פאַרנומען מיט זיינע פּריוואַטע אינטערעסן. זיין חבר, דער פעטליורע-אָפיציר אַנדריי אָווטשאַרוק, האָט נאָך זיין אַנטוישונג ביי דער יידישער הריגה אין אומאַן, פאַרשפאַרט זיך ביי טאַטע און מאַמע אין שטוב און איז געזעסן איבערן בוך און יענער איז נאָר געווען פאַרנומען מיט פייגע־וויטעלען. נאָך דער חתונה האָט זי זיך שטאַרק פאַראינטערעסירט מיט ספּאָרט. ער האָט זי געלערנט פאָרן אויפן וועליסאָפּעד און רייטן אויף די קליינע שלאַנקע פערד־לעך, וועלכע ס׳איז נאָר געווען צו קריגן אין די אַרומיקע דערפער. תמיד פלעגט מען זיי באַגעגענען רייטנדיק אויפן אומאַנער טראַקט,ביידע שמייכלענדיק־שווייגנדיקע און גליקלעך פאַרליבטע.

אין שטעטל האָט מען די „אַטאַמאַנשע" נאָר געזען אויפן יריד. זי פלעגט קומען אין רייצנדיק־קאָלירטע גלאָז-פערל און בענדער מיט די אויסגעניייטע אַרבל פונם רויטן לייבל אַרויס, ווי די אוקראַינער

פֿויערשע טעכטער. מיט קיין יידן פֿלעגט זי זיך נישט באַגעגענען. דעם זיידנס שטוב האָט זי אויך אויסגעמיידט, נאָר אין שטעטל האָט מען געזאָגט, אַז זי איז איינמאָל, צווישן טאָג און נאַכט, געקומען מיטן וועלאָסיפּעד פֿון קאַרזשאַווע און איז אַריינגעפֿאָרן צו שקאָדניקן אין הויף. זי האָט אַרויסגערופֿן עטעלען, יענע זאָל פֿרעגן דעם זיידן מיט דער באָבען, אויב זי קאָן אַריינגיין זיך זען מיט זיי. און חיה האָט דווקא מסכּים געווען דערויף, נאָר שמואל-יצחק האָט באַפֿוילן שטרענג, זי זאָל נישט וואַגן אַריבערצוטרעטן זיין שוועל.

ער, שמואל־יצחק שקאָדניק, האָט די לעצטע צייט בכּלל נישט געוואָלט אָנקוקן קיין מענטשן. פֿון זינט יענעם פּרימאָרגן נאָך דער צווייטער הריגה־נאַכט, ווען עטעלע האָט אים אָנגעזאָגט די בשורה, אַז פֿאַניע האָט חתונה מיט מאַרקעלאָן, איז ער געוואָרן איינגעבויגן, קליין און נישטיק ביי זיך. ער האָט אויפֿגעהערט צו זאָגן דעות אין שטעטלדיקן קהל, נישט אינטערעסירט זיך מיט קיין געשעפֿטן און האָט זיך לחלוטין אויסגעטון פֿון דער וועלט. זיין הימלעך־פּריילעכע שטוב, וועלכע איז געווען באַשטראַלט מיט מיידלשע יוגנט-פֿריידן און געזאַנג, איז איצט געווען פּוסט. עטעלע איז אַרומגעגאַנגען אַן אומעטיקע און אַ פֿאַרבענקטע נאָך אַנדריושען, וועלכן זי האָט ליב געהאַט. ער האָט זי אויך געליבט, נאָר ער פֿלעגט קומען זעלטן, ווייל זיין טאַטע, דעזעריע אָווטשאַרוק, האָט עס נישט געוואָלט ליידן. באַצייטנס האָט ער אים געזאָגט מעבר־נחלה צו זיין, אויב ער וועט טון די נבלה, וואָס מאַרקעלאָ און וועט חתונה האָבן מיט שקאָדניקס זשי־דוווקע. די איבעריקע גוטע פֿריינט אירע פֿון דער קריסטלעכער געזעלשאַפֿט אין דובאָווע האָבן אויך אויסגעמיידט זי צו באַזוכן ביי איר יידישן זיידן אין הויז. עפּעס זענען זיי אַלע געוואָרן ברוגז און שווייגנדיק־פֿאַרביסן. דער פֿעלדשער דעוויאַטקין האָט נאָר אָפֿן אַרויסגעוויזן זיין ציניש יידן-האַס און האָט נאָכגעקרומט די יידישע פֿאַרוווּנדעטע פּנימער פֿונם זעמסקן שפּיטאָל, וועלכע מען האָט געבראַכט אַהין אין די דובאָווער הריגה-טעג מיט צעהאַקטע איברים. די שטילינקע און קאָרעקטע אַקושערין שנורוק איז אויך געוואָרן רעדעוודיקער. אירע יידישע געווינערינס פֿלעגט זי דערציילן, וואָס פֿאַר אַ מציאות זי האָט געקויפֿט ביי די „מאַטראָסן" פֿון קאַזאַקאָוון. אויך האָט זי זיי דורכאויס געטרייסט, אַז עס וועט נאָך זיין „נייס", מען וועט נאָך שחטן קליין און גרויס.

צו דער צייט האָט געוועלטיקט אין די אוקראַינער דערפער דער רויטער טעראָר פונם מאָסקווער שטראָף־מיליטער און צוגלייך מיט דעם האָבן זיך אויך געשטאַרקט די שוואַרצע חיילות פון דער קאָנטער־רעוואָלוציע. זיי האָבן זיך איבעראַל געפאַרבט אין נאַציאָנאַלע קאָלירן און געאייניקט אין דעם געדאַנק אויסצוראָטן די יידישע באַפעלקערונג. אונטער דער אוקראַינער פאָן איז שוין דאַן געגאַנגען דאָס האַלב-אינטעלעגענטע רוסענטום, וועלכעס האָט פאַרוואַלטעט מיט די מלוכה-אַנשטאַלטן פון דער אַלטער אָרדענונג און איז דערנאָך געבליבן אָן אַ לעבנס־באָדן און אַ קוואַל פון חיונה. אונטער די געל-בלויע פאַרבן האָבן זיך אויך באַהאַלטן די פאַרגרעבטע רוסיס־פּריצישע זינדלעך און דער טעמפּער בלוט-דורשטיקער אָפיצירן־שטאַנד פון דער אַלטער רוסישער מדינה. אַזוי אַרום האָט די נאַציאָנאַלע פאָן פון דער אוקראַינער פּויערים־רעפּובליק געמאַכט אַ וועג פאַר דער אָנקומענדיקער שוואַרץ־טאָטערשער דעניקין־מאַכט מיטן שוואַרצן טעראָר, שוואַרץ־ שיכּורע שחיטות אויף יידן און שוואַרץ־רוסישן פּאַטריאָטיזם, ווידער צו פאַרשקלאַפן אַלע פעלקער פונם געוועזענעם גרויס־רוסלאַנד.

פון אַזעלכע געמישטע עלעמענטן איז באַשטאַנען קאזאקאווס באַנדיטן־חיל, ווען ער איז דאָס צווייטע מאָל באַפאַלן דאָס שטעטל דובאָווע.

# כג.

געווען איז עס דינסטיק, אין אַ רעגנדיקן פרימאָרגן, כ׳ סיון.

דאָס שטעטל איז דאַן געווען שוצלאָז. קלימענקאָ מיט זיינע פרייוויליקע מיליטער-טיילן, וואָס ער האָט אָרגאַניזירט אין די דערפער, איז אַוועק קיין אומאַן צו קעמפן מיט דער אייזערנער מאַכט פון די באָלשעוויקעס און ברישקאָ איז געוואָרן אַ פריוואַטער מענטש. ער איז דורכאויס געווען פאַרנומען מיט פייגע-וויטעלען און איר ספּאָרט-לערע. זיינע פאַרטיזאַנען, וועלכע די דובאָווער יידן האָבן געשפייזט, זענען אָן אַ פירער אויך געוואָרן פריוואַטע מענטשן,

אפילו די עטלעכע מיליציאָנערן פונם שטעטל האָבן נישט געהאַט קיין פליכטן און קיין פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר קיינעם. און די איינציקע שיצער פון די דובאָווער יידן זענען געבליבן די צוויי געז־ווענע מאַטראָסן, קאפניק מיט סמעלניצקין, וועלכע האָבן פאָרגע־שטעלט די פאַרוואַלטונג פון דער פויערשער „וואָלאַדע". זיי, די גע־וועזענע „פריידענקער"און דערנאָך מיטפילנדיקע פון דער אוקראַינער נאַציאָנאַל־באַוועגונג, האָבן עס יעדעס מאָל געהאָלפן משה שטעלמאַ־כער אויסדינגען זיך מיטן באַנדיטן־אטאמאַן פאַרן שענקען דאָס לעבן דער דובאָווער עדה יידן.

דאָס מאָל איז דערויף קיין צייט נישט געווען. קאזאקאָוו האָט זיך געאיילט, ווייל אין אומאַן ביי דער באַן איז געשטאַנען ראַטן־מיליטער און פון דער נאָנטער סטאַנציע כריסטינאָווקע האָט מען דער־וואַרט דעם רויטן בראָניעוויק, וועלכער פלעגט אָנוואַרפן אַ פחד אויף אַלע באַנדיטן. דעריבער האָט ער עס געמאַכט אויף גיך. אינגאַנצן האָט די הריגה געדויערט צוויי שעה. אומגעקומען זענען סך הכל פופצן מענטשן, אַחוץ די פאַרוווּנדעטע און צושעדיקטע, וועלכע זע־נען געבליבן אומבאַהאָלפענע קאַליקעס אויפן גאַנצן לעבן. נאָר די מיתות־משונות און חוזק־טויטן זענען דערביי געווען אַזוי גרויזאַם, אַז די הריגה־נאַכט פון די היימישע איבערגעקערטע פעלצן, פסח שני, איז געווען אַ שפילעכל.

קאזאקאָוו איז נאָך אַלץ געווען אָנגעטון אין זיין דעמאָקראַ־טישן פיינגענייטן פרענטש, וועלכער איז אים געבליבן אַלס אָנדענק פון די ערשטע זוניק־פריילעכע רעוואָלוציע־טעג אין אָדעס. אַזוי באַ־שיידן האָבן אויסגעזען זיינע צוויי קאָלעגן, די באַנדיטן־אָנפירער אין די גומענע קורטקעס און קליינע ספאָרט־היטעלעך איבערן שטערן. געווען איז עס דער רייכער פויער שעווטשענקא, וועלכער האָט אין זיין היימישן דאָרף טיעקטשי געשמט פאַר אַ גרויסן לעב־יונג און דער געוועזענער סעמינאַריסט פון טיראַספאָל פאָפאָוו מיט זיין העל־דישער פאַרגאַנגענהייט אַלס פלאָם־רויטער באָלשעוויק. אַחוץ די דריי עלעגאַנט־דעמאָקראַטישע אטאמאַנען, האָבן זיך נאָך געוואָרפן אין די אויגן פיל „אינטעליגענטע" פנימער פון געבוירענע פריצישע זינדלעך, אָנגעטון אין נעט־ענגלישע אַנצוגן און טייערע רעגן־מאנטעלעך מיט קאַפּושאָנען איבער די קעפ.

געווען איז עס אַ פאַרייניקונג פון דריי באַנדעס, אוקראַינער,

גרויס־רוסן און מאלדאוואַנער, וועלכע פּאָפּאָוו האָט מיט זיך געבראַכט פונם דניעסטער־ברעג. געפירט האָבן זיי מיט זיך אַ צוויי הונדערט ליידיקע פורן, אַ הונדערט רייטער, ביז פירהונדערט פוסגייער, עטלעכע פולעמיאָטן און אַ האַרמאַט. אַריין זענען זיי מיט מוזיק און רויטע פאָנען. די אויפשריפט: „פרידן די שטיבעלעך און קריג די פּאַלאַצן!" האָט מען נאָך אַלץ געטראָגן פאָרויס, נאָר דערביי האָט שוין געפלאַטערט אַ רויט זיידן געוועב מיטן אויפרוף: „טויט די יידן און ראַטעווע רוסלאַנד!" אויך האָט זיך אימעצער נאָכגעשלעפט מיט אַ געל-בלוי פענדל פון דער אוקראַינער רעפּובליק.

זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט אינמיטן מאַרק, אונטערן גוס-רעגן און משה שטעלמאַכער האָט זיך גלייך גענומען צו דער אַרבעט. זייער געשיקט האָט ער זיך דורכגעריסן צווישן זייערע רייען אין קאָמיטעט פון דער „וואָלאַדע", צו די צוויי יידישע מליצים סמעלניצקי מיט קאפניקן, זיי זאָלן זען עפּיס טון. נאָר יענע האָבן אַראָפּגעלאָזט די הענט. מען איז געקומען, ווייזט אויס, נאָר נעמען די נפשות — האָבןביידע צוגעשאָקלט מיט די קעפּ. דער אטאמאַן האָט באַפוילן אַלע יידישע מענער צונופרופן אין שול אויף אַ „סכאָדקע", נאָר זיי האָבן געהערט פון די „סאָלדאַטן", אַז מען וויל די יידן אַהין פאַרנאַרן און אונטערצינדן די שול. בסוד-כודות האָבן זיי עס אים איבערגעגעבן און שוין האָבן זיי אים געבעטן לויפן אַהיים צו ווייב און קינד. זיי אַליין וועלן שוין אַלעמען געבן צו וויסן, מען זאָל אין שול נישט גיין. און ווירקלעך, ווען זיי זענען אַרויס פאַר דער טיר, זענען עטלעכע דערשראָקענע יידן געלאָפן אין קלויז אַריין, ווייל די סאָלדאַטן רופן אַהין אַלעמען צו רעדן מיטן אטאמאַן. סמעלניצקי האָט זיי שטרענג באַפוילן צו זיצן אינדערהיים, נאָר אין דער רגע איז צוגעקומען אַן אַלטע גויע און האָט זיי געוויזן מיט דער האַנט צו די סעדער און גערטנער, זיי זאָלן אַנטלויפן. דערביי האָט זי זיך איבערגעצלמט און האָט געזאָגט אין דער שטיל:

— ניעכריסטן... מען הרגעט שוין...

משה האָט געכאַפּט אַ מיליציאָנער ביי דער האַנט און איז מיט אים דורכגעלאָפן צוריק די באַנדיטן-רייען. קומענדיק אַהיים, האָט ער זיך מיט זיין עלטסטן זון, דעם געליבטן און געצערטלטן חנניה, געשטעלט אַרבעטן ביי זיך אין וואַרשטאַט, ביי די רעדער, און דאָס ווייבל מיט די קליינע קינדער זענען געבליבן זיצן אין שטוב, ביי

דער ניי-מאַשין, זי זאָל שטעפּן און קלאַפּן אָן אַ סוף.

די באַנדיטן האָבן דערווייל געפונען אַן אָרט, ווו איינצואָרדנען זיך. זיי זענען אַריינגעפאָרן אינם גרויסן הויף פון דער זעמסקער פּאָסט, ווו ס׳זענען געווען גוטע פערד־שטאַלן און גרויסע געדעקטע סטאָדאָלעס פאַר די פורן און דעם „שטאַב״. האָט מען זייער שיין איינגעפונדעוועט אויפן אויבערשטן גאָרן, אין דער שיינער דירה פון יענקל פעלדמאַן, וועלכער איז געווען דער באַלעבאָס פונם הויז און דער אַרענדאַר פון דער פּאָסט. צום גליק איז ער מיט זיין פאַמיליע באַצייטנס אַנטלאָפן פון דובאָווע און די דירה איז געווען פוסט. נאָר אונטן איז געווען נאָך אַ דירה, האָט דאָרטן געוווינט דער אַלטער געצל פּאָרטיגול מיטן ווייב און זיין שטיף-טאָכטער סאָסיע. איז ביי אַלע אומגליקן דערדאָזיקער אונטערשטער גאָרן מיט די פענסטער ביי דער ערד געווען אַ מקום מקלט צו באַהאַלטן זיך. צו דעם אַלטן געצלען פלעגן זיך באַלד צונויפלויפן זיינע קינדער מיט די אייניקלעך און אַלע קרובים און גוטע פריינט פונם שטעטל.

דאָס מאָל איז עס אויך אַזוי געווען. נאָך איידער די באַנדיטן זענען אַריינגעפאָרן אין הויף פון דער פּאָסט, איז שוין די אונטער־שטע דירה ביי געצל פּארטיגול פול געווען מיט מענטשן און אַנט־לויפן איז שוין נישט געווען קיין צייט, ווייל גלייך ביים אַריינקומען האָבן זיך ביים טויער אַוועקגעשטעלט צוויי שומרים מיט די אַנט־בלויזטע שווערדן אין דערהויך צו היטן דעם אַריינגאַנג.

די באַנדע האָט זיך באַלד צעטיילט חברות-ווייז און איז אַוועק איבער די יידישע הייזער. דאָרטן האָבן זיי באַפוילן צו עפענען די קאַ-מאָדן מיט די שאַפעס און האָבן פאַרנומען דאָס בעסטע און דאָס טײַ-ערסטע פון יעדן יידישן הויז, דערביי האָבן זיי געשלעפּט מיט זיך אין „שטאַב״ אַריין יעדן איינציקן יידן, וואָס איז זיי געקומען פאַר די אויגן.

צו דער צייט האָבן די באַנדיטן געטריבן אין הויף אַריין פון דער פּאָסט—יידישע קי צום שעכטן. מיט בייטשן אין די הענט האָבן זיי אויך געיאָגט אין „שטאַב״ אַריין יידישע מיידלעך און ווייבלעך. זיי זאָלן דאָרטן קאָכן דאָס פרישע פלייש פון די צעהאַקטע יידישע רינדער, באַדינען די אָפיצירן און פרייען מאַכן די סאָלדאַטן... אַזוי האָט מען זיי אַלע געשלעפּט טעמפּ-פאַרשטיינערטע און היסטע-ריש-שרייענדיקע אויפן אויבערשטן גאָרן, שלאַגנדיק מיט שטעקנס

און בייטשן און פון די מענער האָט מען געהאַקט איברים און גע־שליידערט אין קעלער אַריין, וועלכער האָט זיך געפונען לעבן טויער פון הויף.

זייער שטיל איז צוגעגאַנגען די דאָזיקע הריגה. דער אָנפירער איז געווען דער טיראַספּאָלער הויכגעוויקסיקער און פול-בלוטיקער סעמינאַריסט פּאָפּאָוו אַליין. ער האָט שטרענג באַפוילן, מען זאָל שאַ-נעווען פולווער און אַלעמען טויטן מיט קאַלטן געווער. דעמדאָזיקן באַפעל האָט מען דורכגעפירט פּינקטלעך. קיינער האָט זיך קיין קויל נישט געקענט אויסבעטן. אויך האָט מען לויט זיין פאַראָרדענונג יידישע פרויען געשענדט, נאָר געשיצט זיי אַלעמען דאָס לעבן. ביי די הריגות לעבן קעלער פון דער פּאָסט איז ער געשטאַנען און האָט אַרויסגעגעבן באפעלן, ווי אַ מיליטער-מאַן. נאָר קיין אוקראַינער פויערים־יונגען האָט ער צו דער דאָזיקער אײדעלער „אַרבעט” נישט צוגעלאָזן. יענע האָבן איבערהויפּט געפּאַקט דאָס אָנגערויבטע גוטס אין די וועגן און ביי די טירן פון קעלער זענען מיט העק און שווערדן געשטאַנען רוסן און מאָלדאַוואַנער. ביי יעדן קרבן, וואָס מען האָט צוגעפירט, האָט ער באַפוילן צום טאַקט: איינס—הויב אויף די שאַשקע, צוויי—הויב אויף די שאַשקע, האַק!...

פּאָפּאָוון אַליין האָבן די גויעשע פערד־יונגען פון דער זעמ-סקער פּאָסט אויך אָנגעוויזן דעם אונטערשטן גאַרן מיט געצל פּאָר־טיגולס דירה, ווו תמיד באַהאַלטן זיך אויס פיל יידן.

די באַנדיטן האָבן זיך אַהין אַריינגעריסן און גלייך האָבן זיי פון דאָרטן אַרויסגעשלעפּט אַלע מיידלעך אויבן אין „שטאַב” אַריין. פאַר דעם אַלטן געצל אין די אויגן האָט מען זיין איידעם ישיהו דייטשמאַן געהרגעט. דערביי האָט מען באַפוילן זיין פרוי דבורה דייטשמאַן, זי זאָל זיצן און קוקן ווי אַזוי מען טויט איר מאַן. געווען איז ער דער געוויסער שיינער באַלעבאָס פון דובאָווע, וועלכן מען האָט פריער מיט אַ חודש מיטגענומען פאַר אַ צירונג אין דער דע־פּוטאַציע צו קלימענקאָן. דאָס מאָל האָט מען אים געהאַקט די פינ-גער פון די הענט און פיס און ביי יעדן האַק האָט מעז צוגעזונגען אויף רוסיש: אָט וואָלט געווען אַ שיינער קאָמיסאַר!

זיין אַכצניעריקער זון דודיק דייטשמאַן האָט זיך מיט אַ צע-האַקטן האַלדז און נאַקן אַרויסגעכאַפּט פון שטוב און איז אונטער די חוזק-געלעכטערס פון נייגעריקע גוים און גויעס אַנטלאָפן אויפן

דאָרף, נאָר אַ פויער-יונג, וואָס איז מיט אים אין דער זעמסקער שול אויף איין באַנק געזעסן, האָט אים געכאַפּט און איבערגעגעבן צוריק די באַנדיטן אין די הענט אַריין. געטויט האָט אים מיטן שווערד די „באַרעמהאַרציקע" שוועסטער, ה'עלכע איז געגאַנגען מיטן פאַרייניקטן באַנדיטן־מיליטער, אַוועקשאַרנדיק פון זיך דעם טויטן קערפער אין אַ רינשטאָק אַריין.

דערנאָך האָט מען זיך גענומען צו געצלען אליין. ער איז שוין געווען אַן עלטערער מאַן פון אַ זיבעציק יאָר, אַן איינגעבויגע-נער און אַ שוואַכער, האָט ער געבעטן מען זאָל אים לאָזן לעבן. ער וויל זיך נאָך זען מיט זיינע קינדער אין אַמעריקע. אין אוק-ראַינע וועט ער נישט זיין, ער וועט אַוועקפאָרן צו די זין אויף יע־נער זייט ים, און די גזלנים האָבן דעם אַלטן יידן דאָס לעבן גע־שענקט. נאָר דערביי איז געשען אַן אומגליק מיט זיין שיינער שטיפטאָכטער און ער האָט דערפאַר געמוזט באַצאָלן מיטן לעבן.

געווען איז עס סאָסיע, זיין ווייבס מוזינקע פונם ערשטן מאַן, צוליב וועלכער זי, די איידעלע יידענע בתיה פּאָרטיגול, האָט זיך געקאַרגט דעם ביסן אין מויל אַבי דאָס מיידל אירס זאָל אין דער או־מאַנער גימנאַזיע ענדיקן גאַנצע זעקס קלאַסן. כ' סיון תרע"ט איז סאסיע אַלט געווען צוויי און צוואָנציק יאָר. אַ געוויקסיקע און אַ בליענדיקע איז זי געווען, מיט בלאָנדע צעפּ, גרויסע בלויע אויגן און אַ ווייס־געלייטערט פּנים. ווען מען האָט זי אַרויפגעשלעפּט אין „שטאַב", האָט באַלד צוליב איר אויסגעבראָכן אַ געשלעג צווישן די באַנדיטן, יעדער האָט זי געריסן צו זיך. מיט בלוט-פאַרלאָפענע פּנימער האָבן זיי זיך געוואָרפן שטעכן איינס דאָס אַנדערע מיט די שווערדן. סאָסיע איז געשטאַנען צווישן זיי מיט אונטערגעשלאָגענע אויגן. אַ ווילד־צעשויבערטע און אַ טעמפּ-פאַרשטומטע האָט זי זיך געלאָזט שלעפּן פון די אייזערנע הענט אין אַלע זייטן. זיי האָבן פון איר די קליידער געריסן, געפּליקט איר די צעפּ און יעדעס מאָל געקניפּן איר בלענדענדיק ווייסן קערפּער ביז בלוט. דערנאָך האָבן זיי זיך ווידער געוואָרפן איינס אויפן אַנדערן מיט די געשמידטע פויסטן אין די צעכראַשטשעטע הערצער אַריין.

לסוף איז געבליבן, מען זאָל זי דערשיסן. אויב נישט איינעם, איז נישט קיינעם. מען וועט זי אונטערשיסן דאָ אויפן אָרט. דערנאָך וועט מען זי אַוועקוואַרפן אונטער די שטאַלן, און דער אַטאַמאַן וועט

נישט וויסן דערפון. נאָר אין דער צייט ווען די אויפגערעגטע באַנ־דיטן-יונגען האָבן באַשלאָסן וואָס צו טון מיטן יידישן מיידל, האַקנ־דיק זיך איינס דאָס אַנדערע מיט די הענטלעך פון די ביקסן אין די קעפּ אַריין, האָט סאסיען אָנגענומען פאַר אַ האַנט אַ קליין מאָל־דאַוואַניש מאַטראָסל און האָט זי אַרויסגעפירט אויף יענער זייט טיר.

— זאָג מיר צו, אַז דו וועסט זיך שמדן און וועסט מיט מיר חתונה האָבן, וועל איך דיך ראַטעווען... באַלד וועט מען דיך דער־שיסן און מען וועט דיך אַוועקוואַרפן פאַר די הינט

אַזוי האָט צו איר געזאָגט דער קליינינקער מאָלדאַוואַן מיט די גראָבע ליפּן און די טעמפּ־פאַרשטיינערטע סאסיע האָט דערויף צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ. דאַן האָט ער זי שטיל אַראָפּגעפירט פון די טרעפּ. אַזוי איז ער מיט איר אַרויס פון חויף אומבאַמערקט פאַרן אַטאַמאַן מיט זיינע באַנדיטן, וועלכע זענען ביים הריגה־קעלער גע־ווען פאַרנומען, און אַזוי אַרום האָט ער זי געבראַכט אויף דער גויעשער גאַס צו אַ פויער אין שטוב אַריין, בעטנדיק, מען זאָל אים דאָ אָפּהיטן אַ צוויי טעג דאָס יידישע מיידל. זי איז זיין כלה. אין אַ פּאָר טעג אַרום וועט ער קומען און וועט זי פירן אין קלויסטער אַריין, און איז ער גלייך נעלם געוואָרן פונם שטעטל.

ין „שטאַב" האָט מען זיך דערווייל געכאַפּט, אַז דאָס יידישע מיידל איז ערגעץ פון אונטער די הענט נישט געוואָרן, האָבן זיך די באַנדיטן געלאָזט לויפן אַראָפּ אין הויף אַריין זי זוכן. נאָר די פערד־יונגען פון דער פּאָסט, וועלכע זענען פריי ביים טויער געשטאַ־נען, צוקוקנדיק די מיתות משונות לעבן די אָפענע טירן פון קעלער, האָבן געזען, אַז אַ קליין מאָלדאַוואַניש מאַטראָסל האָט סאסיען אַרויס־געפירט פון הויף. דערביי האָבן זיי אונטערגעזאָגט, אַז, מסתמא, האָט אים דער אַלטער טייוול פונם אונטערשטן גארן גוט באַצאָלט דערפאַר, ווייל ס׳איז זיין טאָכטער.

די דאָזיקע ווערטער האָבן אַרום אַ העליש פייער אָנגעצונדן. אַ ווילד ברומעריי האָט אויפגעציטערט די לופט, ווי אַ וואָלפן-יאָמער און אַ מחנה פון צערייצטע מענטשן-חיות האָבן זיך געלאָזט לויפן אַראָפּ צום אונטערשטן גארן, נקמה צו נעמען פונם אַלטן יידן פאַר זיין שיינער טאָכטער, וואָס ער האָט זיי פון אונטער די הענט אַוועקגענומען. אַזוי אַרום האָט מען דעם אַלטיטשקן געצל פּאָרטיגול

ווידער אַרויסגעשלעפּט צום טויט. אויף די טרעפּ פון קעלער האָט מען אים צעשניטן מיט די שווערדן, אָפּהאַקנדיק ביידע הענט אויף אַ לאָקשן־ברעט, וועלכע איז אויף דער קעלער־וואַנט געהאָנגען.

# כד.

דאָך זענען אין דעם הריגה־טאָג פון כ׳ סיון גרויסע ניסים געשען אין דובאָווע.

אין די הריגה־נעכט פונם חודש מאַי האָבן די היימישע איבער־געקערטע בעלצן אויסגעמיידט דעם רבס שטוב און דאָס מאָל האָט ווידער אַ נס געטראָפן. צום רב אין שטיבל האָבן זיך אַריינגעריסן עטלעכע באַנדיטן, נאָר זיי האָבן קיינעם קיין שלעכטס נישט געטון. דער רב אַליין איז שוין דאַן געווען שוואַך פון אַלטקייט און קראַנק פון יידישע צרות. איז ער געלעגן אין בעט. די אַלטע ענערגישע רביצין האָט אים געקורירט, גערופן צו אים דעם דאָקטאָר פון צייט צו צייט און יעדעס מאָל געגומען אין אַפּטייק אַלערליי טראָפּנס צו קרעפטיקן אים דאָס האַרץ. די באַנדיטן פון קאזאקאוון האָבן אים באַפוילן, ער זאָל אַראָפּ פון בעט, ווייל זיי דאַרפן עס באַזוכן, אויב ער האָט דאָרטן ביי זיך נישט באַהאַלטן קיין געווער.

— זאָג זיי אויף זייער לשון, אַז איך בין קראַנק, איך קען זיך נישט אויפהייבן... — האָט ער געזאָגט דער רביצן און די אַלטע, די שיינע און לעבנספעיקע יידענע, האָט אָנגעהייבן צו בעטן אויף זייער לשון. זי האָט זיי געוויזן פון אַפּטייק די פלעשעלעך מיט טראָפּנס, וואָס זי נעמט פאַר אים און אַ ניקאָלאַיעווער הונדערטער האָט זי פאַרמאָגט, האָט זי זיי אָפּגעגעבן דעם הונדערטער אויף בייגל.

נאָר די באַנדיטן האָבן איר דאָס געלט אָפּגעגעבן צוריק. זיי האָבן גוט באַטראַכט די שטוב מיטן בלאַסן אָפּגעצערטן זקן, וואָס איז געלעגן אין בעט, ווי אַ הויפן ביינער און שטיל האָבן זיי דעם רבס שטוב פאַרלאָזן.

דער צווייטער נס איז געשען ביי דעם קצב דוד פורמאַן,

אין דער געוויסער הרינה־נאַכט, פסח שני, האָט מען בײַ אים אין שטוב זעקס מענטשן געהרגעט. זלאַטע מיט די צוויי קליינע קינדער זענען געבליבן קאַליקעס אויפן גאַנצן לעבן. דאָך זענען דאָס מאָל צו אים אינם שמאָלן געסל ווידער אָנגעלאָפן מענטשן, ער זאָל זיי אויסבאַהאַלטן בײַ זיך אין שטוב. זיינער אַ שכן פונם מאַרק האָט פשוט געזאָגט, אַז ער וויל שטאַרבן צווישן זיינע פיר ווענט. זלאַטע איז פונקט דעמאָלט געלעגן אין קינפּעט, האָט ער געכאַפּט פון בעט דאָס קישעלע מיטן פּיצעלע קינד און האָט זיך אָנגעהייבן צו בעטן, אַז ער וויל עס האַלטן אויף די הענט, אפשר וועט ער אינם זכות פונם אומשולדיקן עופעלע לעבן בלייבן. נאָר אַ צווייטער שכן האָט אויך געוואָלט האָבן דעם זכות פונם קינד, איז ער צוגעפאַלן מיט אַ געפּעט, ער זאָל עס אים געבן צו האַלטן פון צייט צו צייט און גאָט האָט מיט פּורמאַנס שטוב חסד געטון. דאָס מאָל האָבן זיך אַלע אויסגעבעטן דאָס לעבן, פון די באַנדיטן, וואָס האָבן זיך אַריינגע־ריסן, איז נאָר איינער געווען אַ גזלן. ער האָט דווקא געוואלט אָפּ־שניידן זלאַטען די אוירינגלעך אינאיינעם מיט די אויערן. נאָר די איבעריקע זענען געווען היימישע שקצים פון די אַרומיקע דערפער, האָבן זיי רחמנות געהאַט אויף איר, וואָס די אויערן וועלן בײַ איר פוילן, זענען זיי צוגעשטאַנען צו יענעם, ער זאָל נעמען די אוירינג־לעך אָן די אויערן און בײַ די צוויי שכנים, וועלכע האָבן זיך בײַ־דע געטוליעט צום קישעלע מיטן פּיצעלע קינד, האָט מען נאָר אַראָפּ־גענומען די שטיוול.

נאָר דער גרעסטער נס איז געשען בײַ דעם שיינעם און בכבודן באַלעבאָס פון דובאָווע. יוסף סאָלאָדאָווניק.

די באַנדיטן, וואָס זענען אים באַפאַלן די שטוב, האָבן גע־הרגעט זיין עלטסטן זון לייב סאלאדאווניק, וועלכע/״ איז געקומען פון באָגאָפּאָל מיט ווייב און קינד זיך באַהאַלטן צום טאַטן קיין דובאָווע. פון לייבן האָט מען געהאַקט איינצלנע גלידער, צווינגענדיק דער־בײַ די אַלטע טאַטע און מאַמע, זיי זאָלן זיצן אויף בענקלעך און קוקן דערויף. אויך זענען זיי געווען גענויט צו קוקן, ווי אַזוי מען האָט זייער פּערצניאָריקע טאָכטער געשענדט. דער קלענערער זון איז דערווייל געקומען צולויפן מיט אַ קוואָרט וואַסער צו מינטערן דאָס נעהלשטע שוועסטערל, האָט מען אים דערפּאַר אויך געוואָלט הרגע־נען פאַר די אַלטע טאַטע און מאַמע אין די אויגן, נאָר אין דער

רגע האָט זיך דערהערט דאָס שאַלן פון אַ האָרן־טרומייט און די מערדער זענען פון שטוב אַנטלאָפן.

דאָס איז געווען אַ סיגנאַל צו פאַרלאָזן דאָס שטעטל.

אין דובאָווע אויפן מאַרק האָבן זיך דאַן פויערים־רעדלעך גע־קליבן. העלפנדיק די פרעמדע באַנדיטן צו רויבן די יידישע קלייטן, האָבן זיי זיך נאָך לוסטיק געמאַכט מיט די טענץ פון דער אַלטער משוגע־נער מויד מינדל פּאָסלטערנאַק. תּמיד פלעגט מען זי האַלטן פאַר־שפּאַרט, נאָר אין דער מינוט, ווען מען האָט איר אַלטן טאַטן און דעם יונגן ברודער אַוועקגעשלעפּט צום הריגה־קעלער, איז זי אַרויס געלאָפן אין גאַס און האָט זיך געשטעלט טאַנצן קעגן די באַנדיטן.

יענע איז עס שטאַרק געפעלן געוואָרן, האָבן זיי זי אָנגעטרונ־קען מיט בראָנפן און האָבן איר צוגעשפּילט אויף האַרמאָניקע, באַ־שיטנדיק זי מיט קאָנפעטן, וואָס מען האָט געטראָגן פון יידישע קלייטן צו פּאַקן אין די וועגן אַריין. נאָר מען האָט עס אַלצדינג גע־מוזט איבערלאָזן און פאַרגעסן זיך אין וועג אַריין. אין דער לופט האָט אָפּגעהילכט אַ צווייטער סיגנאַל. פון דער נאָנטער סטאַציע כרי־סטינאָווקע האָט געשראָקן דער רויטער בראָניעוויק, וועלכן די אומאַ־נער יידן האָבן גערופן, „דער מלאך הגואל“, און די באַנדיטן האָבן אין דער באַגלייטונג פון דער דאָרפס־יוגנט מיט מוזיק און געזאַנג דאָס שטעטל פאַרלאָזן.

# כה.

אַ גויע האָט אָנגעקלאַפּט צו משה שטעלמאַכער אין פענסטער, ווו זיינע דערשראָקענע קינדער האָבן זיך געטוליעט צו דער מוטער לעבן דער קלאַפּנדיקער שטעפּ־מאַשין. זי האָט גערופן משהן, ער זאָל גיין דאָרטן ראַטעווען מענטשן. קיינער וויל נישט אַראָפּגיין אין קעלער, מען האָט מורא...

געווען איז עס באַלד, ווי די באַנדיטן זענען אַוועק פון די גויעשע גאַסן. אין מאַרק איז שוין שטיל געווען, די משוגענע מינדל פּאָסטערנאַק האָט געשלאָפן לעבן אַ תּבואה־שפּייכלער אַנגעשפּאַרט דעם

קאָפּ צו אַ נאַסער וואַנט און ביי די קליטן מיט די אויפגעהאַקטע טירן האָבן פויערים־קינדער געשנאָרערט, זוכנדיק צו כאַפּן עפּיס מיט זיך און אַנטלויפן.

ביי דעם הריגה-קעלער איז געשטאַנען אַ היבשער עולם גוים און גויעס און לעבן זיי האָבן געיאָמערט יידישע ווייבער און קינדער.

— ווער ס׳לעבט, גייט אַרויס! — האָבן אַריינגעשריגן פויער־שע שטימען און נאָך זיי האָבן די יידישע פרויען אַריינגעוויינט אינם פינסטערן חלל פונם אונטערערדישן מתים־שטיבל.

— ווייזט זיך אַרויס. ווער ס׳לעבט!.. ס׳איז שוין שטיל!..

עטלעכע יידן האָבן זיך אַרויסגעוויזן פון זייערע באהעלטענישן. אוקעלמאַנס אלמנה איז צוגעלאָפן מיט פאַרבראָכענע הענט זוכן דעם בן יחיד אירן, אָמצעניון. דעם דובאָווער עלוי האָט מען אויך פאַר־נומען אין „שטאַב" אַריין. ביי דער מוטער אין שטוב האָבן זיי גאָר־נישט אָנגערירט, נאָר אים, דעם יונג-צאַרטן חריף און תורה־לערנער, האָבן זיי פון דער אָפענער גמרא אַוועקגעריסן.

נאָר אָט איז משה שטעלמאַכער. ער וועט שוין אַלעמען געפי־נען. מיט אים אַליין איז אויך אַ נס געשען: ביי דער טיר פון זיין וואַר־שטאַט איז די גאַנצע צייט פון דער הריגה געשטאַנען עפּיס אַ גוי און האָט געשריגן, אַז דאָ מאַכט מען פאַר פּראַוואָסלאַוונע לייט זייער גוטע רעדער. עפּעס אַ שליח פון גאָט איז עס געווען, אינם זכות פונם גאַנצן שטעטל. די יאָמערדיקע ווייבער האָבן אים אַרומגערינגלט, ער זאָל זען עפּעס טון. ווער זשע וועט אַראָפּ אין קעלער, אַז נישט ער? און ווירקלעך, קיינער האָט זיך פון אָרט נישט גערירט. יידן און גוים זענען, צוגעדריקטע פון פחד, ביים אָפענעם פינסטערן אַריינגאַנג געשטאַנען און משה שטעלמאַכער האָט זיך דאָך נישט פאַרלוירן.

ער האָט דער ערשטער אַראָפּגעשטעלט אַ פוס אויפן לייטער און נאָך אים האָבן זיך געלאָזט גיין אַנדערע שטאַרקע הערצער. די ווייבער מיט זייערע געוויינען און טענות צום רבונו-של־עולם זענען אויך געוואָרן העלדיש. נאָר אָנטרעטנדיק גלייך אויף טויטע צעהאַק־קע מענטשן-קערפּער מיט אָפּגעריסענע איינציקע גלידער, זענען זיי אַרויסגעשפּרונגען צוריק מיט אַ ספּאַזמען־ציטער און ווילדע יללות האָבן ווידער פאַרהילכט די לופט.

דערווייל זענען צוגעקומען נאָך אַ צוויי שטאַרקע מאַנסבילשע הערצער. מען האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אין קעלער מיט ליכט אין די

הענט און באַלד האָט זיך באַוויזן משה שטעלמאַכער מיט אַ פאַרבלו-טיקטן הרוג אויף די אַקסלען.

אַלעמען האָט מען זיי אַרויסגענומען, אַלעמען אויסגעלייגט אין אַ שורה צום דערקענען. געווען זענען עס זעק מיט צעבראָכענע ביי-נער, אַזוי שרעקלעך האָבן אויסגעזען די פאַרוווּנדעטע. זיי האָבן גע־שטאַמלט איינציקע ווערטער און געבעטן הילף. און אַ ציטער איז דורך איבער די רייען גוים און גויעס, וואָס זענען דאָ נייגעריקע ביים אָפענעם הריגה-קעלער געשטאַנען. שטום און דערשראָקן האָבן זיי זיך געצלמט און געבעטן רחמים ביי גאָט, ווי זיי וואָלטן מורא געהאַט פאַר זיין שטראָף און נקמה און שווייגנדיקע האָבן זיי איינ־ציקווייז דעם מתים־פּלאַץ פאַרלאָזן.

און אוקעלמאַנס אלמנה האָט נאָך אַלץ געזוכט איר בן יחיד דעם עלוי. זי האָט דורכאויס געשריגן פון אַ ווייס העמדל, און אַזעל-כער איז אין קעלער נישט געווען. איז זי צוגעלאָפן צו משה שטעל־מאַכער, ער זאָל נאָכאַמאָל אַראָפּ מיט איר אונטן. אפשר זאָל מען נאָך זוכן צווישן די פעסער. און באמת האָט מען פון דער פינסטער־ניש, הינטערן גרויסן פאַס, דערהערט זשיפּען אַ לעבעדיק באַשעפעניש און אַז מען איז צוגעגאַנגען מיט אַ לאָמפּ, האָט מען דערזען זיצן אַ מענטשן מיט אַ צעשפּאָלטענעם קאָפּ און אויסגעשטאָכענע אויגן, נאָר ער האָט נאָך געלעבט.

— ס'איז אָמצעניו! — האָט משהס קול געציטערט מיט טרערן.

נאָר די מאַמע האָט אים נישט געקאָנט דערקענען. זי האָט ווידער געשריגן פון אַ ווייס העמדל, וואָס ער איז געגאַנגען אָנגעטון און דערדאָזיקער לעבעדיקער הרוג מיט די אויסגעשטאָכענע אויגן האָט געטראָגן אַ רויטס... מיטאַמאָל חאָט זי דערזען אַ ווייס שטיקל אַרבל פונם דאָזיקן בלוט־געפאַרבטן העמדל און זי האָט עס דערקענט. איז זי צוגעלאָפן צום זון און האָט אַרומגענומען זיינע צעבראָכענע ביינער, שרייענדיק: „אָמצעניו! אָמצעניו!..״ נאָר ער איז שוין געווען אָן לשון. פון קעלער האָט מען אַרויסגעטראָגן אַ זאַק מיט ביינער, אין אַ רויט־בלוטיק העמדל אָנגעטון.

די קבורה איז ערשט געווען אויפן צווייטן טאָג פאַרנאַכט, ווייל מען האָט מורא געהאַט גיין צום בית־עולם. די יידיש-קהלשע צוויי היטער, סמעלניצקי מיט קאַפּניקן, האָבן געהאַט באַקומען ידיעות, אַז נייע באַנדיטן ווילן באַפאַלן דאָס שטעטל דובאָווע. נאָר אויפן

אַנדערן טאָג איז אַן עלטערער ייד אַוועק פון שטוב צו שטוב קלאַפּן אין די פאַרהאַקטע טירן, מען זאָל ברענגען די הרוגים צו קבר ישראל, ווייל די היץ איז גרויס: ס'איז אַ סכנה פאַר די לעבעדיקע.

און צווישן טאָג און נאַכט, ווען דער זומערדיקער בין־השמשות מיט זיין דופטיקן אָטעם פון פעלד און גאָרטן האָט איינגעהילט דאָס שטעטל אַ פאַרדומפּטער מתים־ריח, האָבן זיך די דובאָווער עדה יידן אַרויסגעגנבעט מיט די הרוגים צום בית־עולם און מען האָט זיי אין דער שטיל מקבר געווען.

נאָר ס'איז באַשערט געווען, מען זאָל זיך נאָך אויפן דריטן טאָג אויך אָפּגעבן מיט קבורה. דעם אַלטן געצל פּאָרטיגול האָט מען מקבר געווען מיט איין האַנט, ווייל די צווייטע האָט מען נישט גע־קאָנט געפינען. נאָר צומאָרגנס האָט בתיה פּאָרטיגול אירע קאַרטאָפ־ליעס פונם הריגה־קעלער אַוועקגעשענקט אַ גויע, האָט יענע דאָרטן געפונען די האַנט, פאַרוואָרפן צווישן די קאַרטאָפליעס. אַ מנין יידן האָבן די האַנט אַוועקגעטראָגן אויפן בית־עולם. מען האָט געצלען גע־בעטן מחילה און זיין האַנט האָט מען מקבר געווען באַזונדער.

## כו.

אין עטלעכע טעג אַרום, נאָך דער „קליינער" הריגה פון כ' סיון, זענען געקומען קיין דובאָווע צוויי פּאָרשטייער פונם רוסישן רויטן קרייץ און האָבן גערופן צו זיך מענטשן פון דער באַפעלקע־רונג, יידן און קריסטן, מען זאָל גרינדן אַ קאָמיטעט אויפצונעמען שפּייז־מיטלען פאַר די געליטענע פון די אומרוען. נאָר די יידן פונם שטעטל האָבן זיך אָפּגעזאָגט אַנטייל צו נעמען אין וועלכע עס איז קאָמיטעטן. זיי האָבן זיך שוין אין ערגעץ נישט געוואָלט מישן און אַ לייטישן קריסט, אַלס זייער אַ פּאָרשטייער, האָבן זיי קיין בעסערן נישט געהאַט, ווי דעם שוסטער דימיטרי שאַבאָלינסקי. נאָך דעם ווי ער האָט ביי זיך אויסבאַהאַלטן קאָזאַקאָוון, האָט ער נאָך אַלץ געהייסן אַ מענטש מיט „פּרייע" געדאַנקען און געווען איז ער

צו דער צייט דער איינציקער קריסט אין דובאָווע, וואָס האָט נאָך אַ יידן אַ טובה געטון.

אַלע זענען זיי געווען הילפלאָז.

נאָך דער קעלער-הריגה ווערט דאָס לעבן פון די דובאָווער יידן אינגאַנצן פּאַראַליזירט. קיינעם ווילט זיך נישט עפענען די קליטן, קיינער זאָרגט נישט פאַר קיין פרנסה. דאָנערשטיק אויפן יריד קאָכט עס און רעשט, ווי תמיד, נאָר יידן האָבן זיך מורא אַרויסצווייזן אויף דער ווייסער וועלט, ווייל אַלע יידישע אומגליקן הייבן זיך אָן פון די ירידים. די ווייבער נאָר שטאַרקן זיך און כאַפּן זיך אַרויס אין גאַס איינצוקויפן אויף שבת. נאָר זיי זענען אויך מער טויט, ווי לעבעדיק. מען קאָכט נישט קיין מיטאָג, ס'נעמען זיך נישט די הענט אויפצוראַמען די אַרומגעריסענע הייזער. דאָס ביסל פאַרמעגן, וואָס איז נאָך פאַרבליבן פון די באַנדיטן־הענט, איז באַגראָבן אין די קעלערס. אַלץ איז פאַרפאַקט. אַלץ איז גרייט צום לויפן. ס'אָטעמט מיט וויסטעניש. בייניאַכט שלאָפט מען אין די קליידער, איינגעזאַמלט אונטער איין דאַך אַלע קרובים און פריינט און דער טאָג שרעקט מיט צער און צאָרן. ס'פאַלט אָן אַ מרה־שחורה, די ידיעות פון אומעטום מאַכן משוגע. נישטאָ וווהין צו לויפן...

אין לאַדיזשינסקע האָבן די היימישע רוצחים אַלעמען אויסגע־קוילעט. אַ קרומן שוסטער מיט אַ בלינדן שמיד האָבן זיי זיך נאָר איבערגעלאָזן. מאַכן זיי זיך לוסטיק איבער די ביידע יידישע קאַלי־קעס אין די פרייטלעכע זונטיקן זייערע און צווינגען זיי ביידן צו טאַנצן און זינגען די רוסישע „דובינושקאַ“, און דערפאַר ווערן זיי באַשאָנקען מיט ראַטן־געלט, וועלכע זיי, די היימישע פויערים, ווילן אין האַנט נישט נעמען.

און אין טערגיוויקע שחט קאָזאַקאָוו קעגן דער ליכטיקער זון קליין און גרויס. די הויקערדיקע טעלעפאָניסטין יעלענע וואַסיליעווו־נע רעדט מיט איר געליבטן טאָג־טעגלעך דורכן טעלעפאָן. ער, קאָ־זאַקאָוו, גריסט די דובאָווער יידן, דערציילט זי יעדעס מאָל איר האַרץ־פריינדין, דער שטילינקער און טאַקטישער אַקושערין שנורוק — ער וועט נאָך קומען צוגאַסט קיין דובאָווע און איבערלאָזן וועט ער אַזויפיל טויטע, וויפל אין קריוואָיע־אָזעראָ. דריי וואָכן האָבן זיי דערנאָך געהאַט צו באַהאַלטן זייערע מתים און שחטן וועט ער פון

זקנים ביז עופל-קינדער. איבערהויפּט דאַרף מען אויסהרגענען די ייִדישע ייִנגלעך. זיי וועלן אויסוואַקסן, וועלן זיי אַלע ווע קאָמוּ-ניסטן.

און דעם ייִדישן אַפּטייקער פון דובאָווע, וועלכער האָט זיך אַלע זיינע יאָרן געחברט מיט קריסטלעכע שונאי־ישראל, איז אים נאָך דער „קליינער" הריגה מיטאַמאָל שווער געוואָרן צו זיין אַ ייִד. האָט אים דער גוטער פריינט, דער ווילשענקער גלח, אַ טובה געטון און האָט אים אָפּגעשמדט מיט ווייב און קינד. נאָר איידער ער איז אַ קריסט געוואָרן, האָט ער דעם דובאָווער ייִדישן קהל געמוזט באַ-צאָלן צען טויזנט רובל קערענקעס.

געווען איז עס אַ טאָפּעלער שטייער אינם באַנדיטן-פאָנד, וואָס דאָס שטעטל האָט אויף אים אַרויפגעלייגט און ער האָט עס געמוזט סלוקן, שוין זיצנדיק אויף דער פור צו דער שמד. משה שטעלמאַ-כער האָט אָנגענומען דאָס פערד פאַר דער צוים און פאַרן אַפּטיי-קער האָט זיך איינגעשטעלט דער גויעשער פורמאַן. דערנאָך זענען אים געקומען צו הילף נאָך אַנדערע גוים. נאָר דער צווייטער צד האָט אויך נישט געשוויגן. אַן עולם ייִדן האָבן אַרומגערינגלט די פור מיטן אַפּטייקער. אין דער מינוט, בשעת ער איז נאָך אַ ייִד, האָט ער געמוזט באַצאָלן די חובות, וואָס קומט קהל.

נאָר איינגעמאָנט דעם קהלשן חוב פונם אַפּטייקער האָט דער באַוווסטער גנב און גזלן פונם דובאָווער דאָרף, מיטקע פּלאַכאָטני, וועלכער איז פאַר די באָלשעוויקעס געווען אַ קאָמוניסט, ווייל ס'איז דערלויבט געזעצלעך צו נעמען ביי יענעם. ער האָט אויסגעהערט די טענות פון ביידע צדדים און האָט דאָ אויפן אָרט באַשלאָסן, אַז די עדה ייִדן איז גערעכט און דער אַפּטייקער דאַרף איינצאָלן דאָס געלט.

אַזוי האָט מיטקע געפּסקנט און אַזוי האָט דער אַפּטייקער גע-סלוקט זיין קהלשן חוב. די דובאָווער ייִדן האָבן אים דערפאַר גע-וווּנטשן, ער זאָל זיך נאָך באַהאַלטן אויף ייִדישע בוידעמער, ווי די נייע משומדים אין אומאַן, ווייל די קריסטלעכע שכנים וועלן זיי נישט אַריינלאָזן, למאי זיי האָבן זייער גאָט איבערגעביטן.

און די דאָזיקע ברכה איז מקוים געוואָרן. נאָך דער שמד האָט דער דובאָווער אַפּטייקער געמוזט איבערגעבן זיין ייִדישע אַפּטייק אונטערן שוץ פונם קריסטלעכן קאָאָפּעראַטיוו. צו פאַרשטעלן זיין

יידישע נאָז, איז ער געגנויט געווען צו נעמען אַ קריסטלעכן פארמא־צעווט. דאָס ווייב מיטן קינד זענען געבליבן וווינען אין ווילשענקע, אונטער דער פרומער השגחה פונם גלח, און אַז אויפן שטעטל זענען אָנגעפאַלן באַנדיטן, פלעגט, נעבעך, דער געשמדטער אַפּטייקער אַליין זיך לאָזן לויפן מיט די סעדער קיין ווילשענקע, צו געניסן שוץ אונ־טערן גלחס הייליקע פליגלען.

צו דער צייט האָט זיך אויך דערשראָקן פאַר זיין יידישקייט דער דובאָווער אַדוואָקאַט נעסטראָווסקי און ער האָט אויך געזוכט הילף אין ווילשענקע. נאָר גיין פּשוט אין קלויסטער אריין איז דעם באַיאָרנטן אַדוואָקאַט שווערלעך געווען, האָט אים דער גלח אַ טובה געטון און האָט אים מיטן ווייב אַרויסגעגעבן אַ טויף־צעטל. דער אַלטער נעסטראָווסקי האָט עס געטראָגן אויפן האַלדז, ווי אַ קמעה, נאָר ס'האָט אים אויך קיין רו נישט געגעבן. פלעגט זיך אַריינרייסן אין שטעטל אַ באַנדע, איז ער מיטן ווייב די ערשטע אין קעלער אַנטלאָפן, און ליגנדיק אין אַ פינסטערן ווינקל מיטן טויף־צעטל אויפן האַלדז, האָט ער אין דער שטיל וידוי געזאָגט.

אַ חוץ די צוויי יידישע אינטעליגענטן, איז אין דובאָווע מער קיין בעלנים נישט געווען צו זוכן הילף ביי דעם גוטן ווילשענקער גלח. מען האָט נאָר געטראַכט פון אַנטלויפן, און די גליקלעכע יידי־שע פעסטונג איז דאַן געווען גאָלאָוואַניעווסק, ווו אַ פּאָר הונדערט יידישע יונגעלייט האָבן זיך אָרגאַניזירט, באַוואָפנט און האָבן צו זיך אין שטעטל קיין היימישע און קיין פרעמדע באַנדיטן נישט אַריינגע־לאָזן.

פון די דאָזיקע גאלאוואניעווסקער יונגעלייט פלעגט מען נסים דערציילן. אַרום זייער העלדישקייט און גבורות האָבן זיך געוועבט לעגענדעס אין אַלע שטעט און שטעטלעך פון קיעוושטשינע און פּאָדאָ־ליע. נאָר זייער ווייניק גליקלעכע זענען געקומען אַהין, ווייל אויף אַלע וועגן, וועלכע פירן קיין גאלאוואניעווסק, האָבן געלויערט באַנ־דיטן אויף יידישע פּאָרער און גייער. זיי זענען געווען אָנגעטון אין פאַרשידענע נאַציאָנאַל־קאָלירן. ס'האָט זיך געוועגדט אין דעם, ווי ווייט דער רויטער בראָניעוויק געפינט זיך פון דער סטאַציע כריסטינאווקע. מיטן אומאַנער טראַקט האָט זיך נאָך אַמאָל געקאָנט אַריבערכאַפּן אַ יידישע פור. נאָר דאָרטן, אין אומאַן, פלעגט זיך דאָך בייטן די מאַכט עטלעכע מאָל אין טאָג, ממש ווי ס'בייטן זיך די בילדער אין

קינאָ. די קריסטלעכע באַפּעלקערונג פון די פיר אומאַנער פאָרשטעט פלעגן זיך גלייך צופאַסן צום הערשנדיקן מאָמענט, בייטנדיק דאָס רויטע בענדל אויף אַן איבערגעקערטן פעלץ און צוריק.

די אומאַנער יידן זענען דאָך געווען שוצלאָזע ביי אַלע פאַרבן און קאָלירן. אין שטאָט האָט זיי טעראָריזירט דער אַכטער, אַזוי גערופענער, ראַטן־פאָלק, וועלכער איז פשוט געווען אַ באַוואָפנטע באַנדע אונטער אַ רויטער פאָן. פאַרצירט מיט רויטע בענדער, פלעגן זיי אַרומפאָרן רייטנדיק איבערן שטאָט און רויבן די יידישע באַפעלקערונג. פרויען האָבן זיי פשוט געשענדט אין די גאַסן און דורך די נעכט האָבן זיי געריסן טיר און פענסטער אין די יידישע הייזער, פאָדערנדיק, מען זאָל זיי אַרויסגעבן ווייבער און טעכטער. דערביי האָבן זיי איינמאָל געוואָלט הרגענען אַ יידיש מיידל, ווייל מיט איר שיינקייט פאַנגט זי מענערישע הערצער.

די דאָזיקע „רויטע" זענען געווען אינעווייניק און הינטערן שטאָט האָבן געלויערט די נאַציאָנאַל־באַנדעס, אָדער זיי פלעגן זיך בייטן מיט די ערטער. דאַן איז די שטאָט הפקר געבליבן און דער איינציקער שיצער פון דער יידישער באַפעלקערונג איז דעמאָלט געווען דער באַוווּסטער פירער פון די אומאַנער שטאָט־גנבים קאַזימיריק. אין אַלע טורמעס איז ער געזעסן, אַ קאָרטן־שפּילער און אַ שיכור. אַ צייט מיט יאָרן איז זיין נאָמען געווען אַ זילזול־וואָרט אין אומאַן. האָט ער דער איינציקער אין די גרויזאַמע זומער-טעג פונם יאָר תּרע"ט געשיצט די אומאַנער יידן. מיט זיינע דריי יידישע חברים איז ער געזעסן אויפן דאַך פון יידישן שפּיטאָל און האָט פונם קוילן־וואַרפער געשפּריצט מיט פייער און געהאָגלט מיט קוילן איבער די באַנדיטן, נישט צולאָזנדיק זיי אין שטאָט אַריין, ביז ס'האָט זיך דערהערט דער גליקלעכער האַרמאַטן-שאָס פונם מלאך הגואל, דעם רויטן בראָניעוויק.

דאָך זענען דעמאָלט אַ צוואַנציק יידישע פאַמיליעס פון דובאָווע אַנטלאָפן קיין אומאַן, ווייל נאָכן „רויטן" פאָלק זענען אנגעקומען אין שטאָט דיסציפּלינירטע ראַטן־מיליטער פון מאַדיאַרן, גרויס־רוסן, כינעזער און יידן. יענע האָבן געשיצט די יידישע באַפעלקערונג, און ווען זיי פלעגן אַוועק פון שטאָט, האָבן זיי גערן מיטגענומען יידן, ווייבער און קינדער, וועלכע זענען זיי נאָכגעלאָפן אין שרעק, נישט צו בלייבן אָן זייער שוץ. אַזעלכע מיליטער־טיילן פון די „ראַטן"

פלעגט מען דעמאָלט אָפּט באַגעגענען מיט פורן, באַזעצטע מיט יידישע ווייבער און קינדער. אָפּט זענען עס געווען די לעצטע אלמנות און יתומים פון אַ צעשטערטן און אויסגעהרגעטן יידישן ישוב. מיט דערדאָזיקער גאַסט־פריינטלעכקייט פונם רויטן מיליטער פלעגן זיך אויך באַנוצן די דובאָווער היימלאָזע אין אומאַן, וועלכע האָבן שוין אויך קיין פחד פאַרן טויט נישט געקאָנט פאַרטראָגן. דערצו איז זיי באַשערט געווען נאָך דער „קליינער" הריגה אין דובאָווע איבערצולעבן די „שטילע" הריגה אין אומאַן

# כז.

גענוען איז עס דעם ניין און צוואַנציקסטן יוני, אין אַ זוניקן פרישן באַגינען. אויסגעצירטע אין ווייסן, מיט בלומען אין די הענט, זענען פון די קריסטלעכע גאַסן אַרויס די פוילישע דאַמען און פריילנס צו באַגריסן די באַנדיטן־פאַרייניקונג פון סאָקאָלן, סטעצוראָן און ניקאָלסקין, וועלכע זענען אַריין אין שטאָט מיט מוזיק און הוראַ־געשרייען.

לויט די פוילישע אינטעליגענץ פון אומאַן האָט זיך דערנאָך פאַרענטפערט, איז אויסגעקומען, אַז מען האָט זיי וועגן די אָנגעקומענע פאַלש אינפאָרמירט. עפּעס פאַרדעכטיקע מענטשן האָבן זיי אָנגעזאָגט, אַז פויליש מיליטער מאַרשירט אַריין קיין אומאַן. נאָר דער עפעקט פונם באַגעגעניש איז געווען גרויזאַם.

אַלע דריי אטאמאַנען האָבן געשטאַמט פון דער אָנגעזעענער קריסטלעכער געזעלשאַפט אין אומאַן. געווען איז עס דער אַלטער אומאַנער תושב, פאָלקאָווניק ניקאָלסקי, וועלכער איז נאָך אין די ר״סיש־קייזערלעכע צייטן געווען אַ שונא־ישראל און זיין חבר, דער אוקראינער פאָלקס־לערער סאָקאָל, וואָס איז געווען אַ נאָענטער קרוב פון דעם באַוווסטן שוואַרץ־מאהדיקן גלח ניקאָלאָקי. דאָס איז געווען אַ וויכטיקער יחוס־בריון, ווייל די אומאַנער יידן האָבן גוט געקענט דעם שוואַרץ־רוסישן גלח זייערן. פאַר קערענסקין האָבן זיי אים מיט זייערע יידיש־כשרע חתימות באַפרייט פון דער קיעווער פעסטונג, ווו

ער איז געזעסן אַרעסטירט און שווער צוגעקלאָגט פאַר העצן דאָס פאָלק קעגן דער נייער אָרדענונג.

דער דריטער אטאמאַן איז געווען דער באַוווסטער ריז-אַטלעט פונם אומאַנער צירק סטעצורא. דער לעצטער איז געווען דער ליבלינג פון פובליקום אין אומאַן. זיין העלדיש אויסזען מיט די קאַשטאַנאָווע לאָקן האָבן אים געשאַפן פיל פאַרערערינס אויך צווישן יידישע טעכטער. ער אַליין האָט גערן שפּאַצירט מיט יידישע מיידלעך, וועלכע זענען אין אים פאַרליבט געווען. נאָך דער ערשטער הריגה, ווען דער אומאַנער צירק האָט זיך פאַרמאַכט, איז סטעצורא געבליבן אָן אַרבעט און דאַן האָט ער צונויפגענומען אַ חבֿרה פונם שטאָטיקן ערבֿ־רבֿ און איז אַוועק מיט זיי רויבן און הרגענען אין די יידישע שטעטלעך.

די „שטילה" הריגה אין אומאַן האָט געדויערט פיר שעה. באַלד ווי די באַנדיטן זענען אַריין, איז געוואָרן שרעקלעך שטיל. איבער די פוסטע גאַסן, אין זון־ליכט פונם אויפגעשיינטן טאָג, איז אַרומגעפאָרן אויף אַ גוט פערד דער הויכער און געזונטער פּאָלקאָווניק ני־קאָלסקי, אין ווייסע הענטשקעס און יעדעס מאָל האָט אָפּגעהילכט זיין פעסטע שטים אין דער זוניקער אימה־שטילקייט:

— וואָס מער מתים, ברידער! וואָס מער מתים!..

און ווידער איז געווען שטיל...

פון צייט־צו־צייט האָבן נאָר דורכגעשניטן די לופט פאַרשטיקטע קולות פון די געפייניקטע און געשענדעטע און דערביי האָט זיך געהערט דאָס צאַרטע פּיאַנאָ־שפּילן פון די איידעלע געשטודירטע קינדער ביים פּוילישן שטאָט־דאָקטאָר אין הויז...

און אין דער שטילקייט האָט מען געשניטן איברים פון טאַטעס און מאַמעס, זין און טעכטער, קינדער און עופּהלעך. און קליינע שיקסלעך האָבן נייגעריק געקוקט, ווי אַזוי מען שניידט ביי לעבע־דיקע מענטשן די צינגער. סאלדאַטן, פאַרצירטע מיט רויטע זייד־שלייפן, זענען אומגעגאַנגען איבער יידישע הייזער און האָבן געזוכט די נפשות און סטעצורא מיט זיינע שטאָט־לייט האָבן איבערהויפּט געשענדט פרויען און געליטן האָבן איבעראַל די יידישע פאַמיליעס, פון וואַנען ער האָט זיינע פאַרערערינס געקענט.

און אין דערדאָזיקער שטילקייט האָבן פינף הונדערט פּאָלקס־לערער, וועלכע האָבן דאַן באַזוכט די צייטווייליקע אומאַנער

לערער־קורסן, צו שטודירן די אוקראַינער שפּראַך, ליטעראַטור און סאָציאַל-עקאָנאָמישע וויסנשאַפטן, געשיקט אַ דעלעגאַציע צו די דריי באַנדיטן־אַטאַמאַנען פון אומאַן בעטן שטיצע פאַר זייער קולטור־אַנ־שטאַלט.

דאָך האָבן זיך געפונען אין שטאָט עטלעכע ערלעכע קריסטן, וועלכע האָבן געזוכט מיטלען אָפּצושטעלן די „שטילע" בלוט-פאַר־גיסונג פון דער יידישער באַפעלקערונג. צוליב דעם האָט מען סאָ־קאָלן איינגעלאַדן אין דער שטאָט-דומע.

ער האָט זיך לאַנג געלאָזט בעטן, נאָר ער איז געקומען אין דער באַגלייטונג פון זיינע ביידע קאָלעגן. די אָנוועזנדיקע קריסטלעכע פאָרשטייער פון שטאָט האָבן באַגריסט סאָקאָלן מיט זיינע חברים סטעצוראָן און ניקאָלסקין. אַלס אומאַנער וועלן זיי זיכער געוויס היטן די פרידלעכע איינוווינער פון שטאָט. דערויף האָט ניקאָלסקי געענטפערט, אַז ער איז אַ מענטש אַנ׳אונטערגעוואָרפענער. ער פירט נאָר אויס די באַפעלן פון זיין אַטאַמאַן. און סאָקאָל האָט געגעבן אַ קלאָרע תשובה, אַז די אומאַנער יידן זענען פאַרמשפּט צום נאַציאָ־נאַלן טעראָר פון דער „וואָלאַדע", ווייל די יידן פון קריזשאָפּאָל האָבן געטויט אוקראַאינער קעמפער. דאַן האָט דער אוקראַינער לערער כאָכאָל געזאָגט, אַז דאָס אומשולדיקע יידישע בלוט וועט זיין אַ שאַנד-צייכן אויף דער אוקראַאינער נאַציאָנאַל־באַוועגונג און דערביי האָט ער אויסגעשריען, אַז אויב עס דאַרף נאָך פאָרקומען אַזוינס, ווי דעם פרימאָרגן, זאָל מען אים פריער הרגענען.

אויף סאָקאָלן האָט עס געמאַכט אַן איינדרוק און ער האָט גע־געבן זיין ערן־וואָרט, אַז עס וועט שוין זיין אָרדענונג. אוןווירקלעך, נאָך האַלבן טאָג האָט זיך די בלוט־פאַרגיסונג אָפּגעשטעלט. די גויעס פון די פאָרשטעט האָבן נאָר גערויבט די יידישע קלייטן, און דאָס אָנגערויבטע גוטס געטראָגן אַהיים, נאָר די קריסטלעכע אינטע־ליגענץ האָט זיך שוין אין גאַס נישט אַרויסגעוויזן.

## כח.

נאָך דער „שטילער" ה־יגה אין אומאַן האָט דערגרייכט קיין

דובאָווע אַ בשורה טובה, אַז דאָרטן אין שטאָט איז שוין דורכגע-שניטן אַ וועג צו גויעשע הערצער. פריצים, גלחים, סטודענטן, לע-רער, איידעלע פּאַניעס, אַלע שטעלן זיך איין פאַר יידן. איז עס דעם עלנטן פּאַרלאָזענעם שטעטל שטאַרק געפעלן געוואָרן און די דובאָווער יידן האָבן אויך גענומען זוכן אַ וועג צו גויעשע הערצער ביי זיך אינדערהיים. משה שטעלמאַכער האָט אָנגעווענדט זיין גאַנצן איינפלוס, אַלס פּראָלעטאַריער, וואָס שפּייזט ווייב און קינד מיט זיינע צען פינגער און האָט געפּועלט ביי די „איידעלע" קריסטן פונם שטעטל אַ גוט וואָרט פאַר דער דובאָווער עדה יידן. אַז עס וועט זיך אַריינרייסן אַ באַנדע, האָט מען באַשלאָסן צו גיין אין אַ דעפּוטאַציע יידן און קריסטן און אַזוי אַרום וועט מען אויסבעטן פרידן פאַר די פרידלעכע איינוווינער, ווי מען האָט עס געטון אין אומאַן.

אין דער דעפּוטאַציע זענען באַשטימט געוואָרן דריי יידן. אַחוץ די ביידע געשוואָרענע קהלס-לייט משה שטעלמאַכער און גדליה קאָרעצקי, האָט מען נאָך איינגעלאַדן דעם אַדוואָקאַט ניעסטראָווסקי, אַלס אַ יידן, וואָס האָט אַ צעטל, שוואַרץ אויף ווייס געשריבן, אַז ער איז שוין אַרויס פונם כלל ישראל. און פון די קריסטן האָט איינגעוויליקט צו גיין דער גלח, דער געוועזענער פעטליורע-אָפיציר, אַנדריי אָוטשאַרוק, אויס דאַנקבאַרקייט, וואָס די יידן פונם שטעטל האָבן ביי די רויטע קאַצאַפּעס פון נאָווי-אַרכאַנגעלסק אויסגעבעטן אים דאָס לעבן, דער „פריידענקער" און יידן־פריינט דימיטרי שאַ-באָלינסקי און די ביידע געדונגענע יידיש־קהלשע מליצים קאַפּניק מיט סמעלניצקין.

און אויף קיין צופאַל האָט מען לאַנג נישט געדאַרפט וואַרטן. דער רויטער בראָניעוויק האָט אַרויסגעלאָזט סאָקאָלן פון אומאַן, איז ער אַוועק קיין גאלאוואניעווסק זיך אָפּצורעכענען מיטן יידישן זעלבסט־שוץ. דער וועג ליגט פאַרביי דובאָווע, האָבן זיך אָפּגעטיילט זיינע פינף און צוואָנציק רייטער און זענען אַריין אין שטעטל, זיך אַ שפּיל טון מיט די דובאָווער יידן.

געווען איז עס פרייטיק בייטאָג. דאָס שטעטל, דערהערנדיק די הוראַ־קולות מיטן פייפן, איז זיך גלייך צעלאָפן אין די סעדער. געבליבן אויפן פּאָסטן איז נאָר דער געטרייער יידישער זעלנער משה שטעלמאַכער. ער איז באַלד געלאָפן צונויפרופן די דעפּוטאַציע, נאָר ביז ער איז געקומען צו גדליה קאָרעצקי, האָט זיך שוין יענער

ערגעץ באַהאַלטן. דער אַדוואָקאַט ניעסטראָוסקי האָט זיך געלאָזט גיין מיט אים, נאָר צוקומענדיק נענטער צו דעם אָרט, ווו די באַנדיטן האָבן זיך אָפּגעשטעלט, איז ער מיטן טויף-צעטל אויפן האַלדז ערגעץ נעלם געוואָרן. משה האָט זיך געלאָזט גיין צו דער בריק רופן מיט זיך די באַשטימטע קריסטן. לעבן דער פאַרוואַלטונג פון דער מיליציע איז געשטאַנען אַן עולם היימישע גוים. האָט ער אָנגעהייבן בעטן, אַז עמעצער פון זיי זאָל אים פירן צום גלח: ער האָט צוגעזאָגט צו גיין צו דער דעפּוטאַציע. נאָר קיינער האָט נישט געוואָלט גיין מיט אים. אַלע האָבן אים געראַטן, ער זאָל נישט זוכן קיין דעפּוטאַציעס און שוין זאָל ער זיך באַהאַלטן, ווייל זיי וועלן דאָ טון דאָס אייגענע, וואָס אין אומאַן. דאָסזעלבע האָט אים געזאָגט דימיטרי שאַבאָלינסקי, וועלכער איז געשטאַנען לעבן דער טיר פון זיין הויז.

לסוף האָט זיך אַרויסגערופן דער אַלטער שערער דאָראָרטיי, וועלכער האָט דווקא געהאַט צוויי זין באַנדיטן, אַז ער וועט מיט אים גיין צום גלח. נאָר אין דער רגע זענען אונטערגעשפּרונגען צוויי באַנדיטן-רייטער מיט די ביקסן אין די הענט גלייך צו משהן. דער פאַרוואַלטער פון דער מיליציע סמעלניצקי האָט אים געשווינט אַוועקגערופן אין הויף אַריין. די רייטער זענען געוואָרן אין כעס, האָבן אָנגעהייבן צו שרייען, וואָס פאַר אַ שוואַרץ יידל האָבן זיי עס באַהאַלטן אין הויף פון דער מיליציע. נאָר סמעלניצקי האָט זיי געענטפערט ערנסט, אַז דאָס יידל איז אונדזערס און קיין פרעמדע האָבן זיך דאָ נישט צו מישן. דער איבעריקער פויערשער עולם האָט געשוויגן. דערנאָך האָט סמעלניצקי צוגעגעבן, אַז דאָס יידל דאַרף צונויפנעמען די דרייסיק טויזנט רובל קאָנטריבוציע, וואָס זיי פאָדערן. אויך וועט ער זיי געבן עסן און שטיוול.

די באַנדיטן האָבן דערויף געגעבן אַ שעה צייט, און אויב צו דער מינוט וועט אַלץ נישט זיין גרייט, וועלן זיי דעם שוואַרצינקן יידל פאַרנעמען מיט זיך.

נאָך די דאָזיקע קלאָרע דיבורים איז משה שטעלמאַכער אַנטלאָפן אין די סעדער זוכן באַהאַלטענע יידישע באַלעבאַטים, מען זאָל געבן געלט און אַזוי אַרום האָט ער צונויפגענומען די דרייסיק טויזנט רובל. דער פאַרוואַלטער פון דער מיליציע האָט דערווייל אויף דעם יידיש-קהלשן חשבון צוגעשטעלט די פינף און צוואָנציק רייטער

כראָנפן מיט פאַרבייסן. די צען פּאָר שטיוול נאָר איז אין דובאָווע נישט געווען צו קריגן. משה שטעלמאַכער מיט סמעלניצקען האָבן זיך געמוזט אָפּבעטן זיי זאָלן עס שענקען, ווייל ס'איז נישטאָ וווּ צו קויפן. און זיי האָבן געשענקט. פאַרנעמענדיק דאָס געלט האָבן זיי רויק פאַרלאָזט דאָס שטעטל.

ס'איז שוין געווען פאַרנאַכט.

משה איז מיט דער גוטער בשורה ווידער געלאָפן אין די סע־דער אַריין. צווישן בליענדיקע פעלדער און גערטנער האָט ער גע־רופן אויפן קול, אַז די יידן זאָלן גיין אין שול אַריין און די ווייבער זאָלן איילן אַהיים ליכט בענטשן.

# כט.

נאָך דעם נס מיט סאָקאָלס באַנדיטן־רייטער האָבן די דובאָוווער יידן ווידער אָנגעהייבן צו טראַכטן ווי אַזוי צו שיצן זיך דאָס לעבן. אויף די דערוואַכטע רחמנות-געפילן פון די גויעשע הערצער איז שוין נישט געווען וואָס צו האָפן. דער באַנדיטן־פּאָנד פונם שטעטל איז אויך וואָס ווייטער קלענער געוואָרן. ווער עס האָט נאָך פאַרמאָגט אַ ביסל געלט און צירונג, האָט עס מורא געהאַט אַרויסצולאָזן פון דער האַנט, ס'זאָל ביי דער לעצטער מינוט זיין מיט וואָס אויסצוקויפן זיך פונם טויט. אום צו דעקן די קהלשע באַנדיטן־הוצאות האָט מען שוין אפילו געוואָלט פאַרקויפן די גוים צוויי גרויסע יידיש־נגידישע היי־זער פון די רייכע און גליקלעכע באַלעבאַטים, וואָס האָבן זיך באַ־צייטנס אַריינגעכאַפּט אינם גליקלעך באַשיצטן גאלאוואניעווסק. פון אומאַן איז דובאָווע געווען אָפּגעשניטן, ווייל דער אומאַנער טראַקט איז שוין דאַן געווען אין רשות פון קאָזאַקאָוון מיט זיינע רויב־חילות און אין די מינוטן פון אַ סכנה, ווען עס פלעגט אָנקומען דער רויטער בראָניעוויק מיט זיין האַרמאַטן-דונער, האָט זיי אויסבאַהאַלטן די היימישע פויערשע באַפעלקערונג, מיט וועלכע ער, קאָזאַקאָוו, האָט דאָס יידישע האָב און גוטס געהיילט.

און דאָס יידישע שטעטל האָט מיט פחד געוואַרט אויף „נייס".

טאָג טעגלעך זענען אין די גאַסן רעדלעך געשטאַנען. אַלע זענען געוואָרן ליידיק-גייער. יונג און אַלט האָבן נאָר געלעכצט עפּעס צו הערן וואָס מען זאָגט, און פון די קלאַנגען פלעגט מען דול ווערן. אַ חוץ דער הויקערדיקער טעלעפאָניסטין, וועלכע פלעגט געבן ידיעות וועגן קאָזאַקאָוון, אַז ער וועט נאָך שניידן אין דובאָווע פון זקנים ביז עופל־קינדער, האָט נאָך פון אים געבראַכט אַ גרוס אַ היימישער פויער־יונג, וואָס איז געווען מיט דער באַנדיטן-פאַרייניקונג פון די דריי אַטאַמאַנען לעבן גאלאוואניעווסק. געווען איז עס אַ פּראַקטיציר־טער „זעלנער" פון פעטליורעס מיליטער, וועלכער איז געקומען פונם פראָנט אָנגעטון אין טייערע רינגען און פלעגט זיך באַרימען, אַז פּראסקוראוו און טעפּליק איז אויף זיין „פּאַיאָק" אויסגעפאַלן צו הרגענען פערצן יידן. האָט ער אויך אָנגעזאָגט די בשורה, אַז קאָזאַ-קאָוו וועט נאָך קומען קיין דובאָווע.

און די דובאָווער יידן האָבן ווידער גענומען באַוואָרענען זיך דאָס לעבן מיט די רעשטן פון זייער פאַרמעגן. בסוד סודות פון די גויעשע שכנים האָבן זיי אין די טיפענישן פון דער ערד געבויט „סעקרעטן", געגראָבן לעכער און גריבער אין די ווענט פון די קע-לערס און פאַרשטעלט די בוידעמער מיט ציגל און שטיינער, איבער-לאָזנדיק קונציק פאַרבאָרגענע שפּאַלטן, דורכצוקריכן אין די באַ-העלטענישן אַריין. דערנאָך זענען זיי געזעסן ביי פאַרהאַקטע טיר און טויער און האָבן זיך איינגעהערט צו יעדן שאָרך. אין דער שטילקייט האָט מען געהערט די הערצער קלאַפּן. די זייגערס פונם שטעטל האָבן יעדעס מאָל אויפגעטרייסלט דאָס טויט-שטומעניש, ציילנדיק די שעהן אין דער אומענדלעכער צייט פון וואַרטעניש אויף עפּעס שרעקלעכעס. דערביי האָט מען געפּירט אין שטעטל אַריין יידישע הרוגים פון אַלע וועגן און טאָג־טעגלעך האָט מען זיך גע־מוזט אָפּגעבן מיט קבורה.

נאָר ס'לעבט נאָך די האָפענונג, אַ ליכטיקער שטראַל האָט אויפגעשיינט איבער דער פאַרלאָזענער און צום טויט־פאַרמשפּטער עדה יידן. צו אַנטלאָפענער פון אומאַן האָט דערציילט, אַז אַמעריקע האָט אַרויסגעשיקט מיליטער צו ראַטעווען די יידן פון אוקראַינע. מיטן אַמעריקאַנער מיליטער גייען אַמעריקאַנער יידן ראַטעווען אַלטע טאַטע־מאַמע, ברידער און שוועסטער מיט ווייב און קינד.

מיט דער זיסער ליכטיקער האָפענונג האָבן זיך די דובאָווער יידן געטרייסט ביז תשעה באָב.

# ל.

דער „זעלנער״ פון פעטליורען האָט אמת געזאָגט. קאָזאַקאָוו איז ווירקלעך געקומען קיין דובאָווע. דינסט־יק איז געווען תשעה באב און מיטוואָך אינדערפרי זענען אַריין אין שטעטל אַ דריי טויזנט מאַן פון זיינע באַנדיטן חיילות מיט מוזיק, אוקראַינישע פאָלקס־לידער און שכורע הורא־געשרייען.

דאָס אַריינקומען פון דער דאָזיקער מחנה האָט פאַרנומען דאָס אויג מיטן פאַרבן־שפּיל פון אַלערליי קאָלירן. צווישן די סך רויטע פאָנען, געשטיקט מיט גאָלד און שווערע געפלאָכטענע גאַלונען, האָט אויך געפלאַטערט אַן אוקראַינער געל־בלויע פאָן פון ווייכן טייערן זיידנס, מיט סאַמעט־בראָנזן געזוימט, אָנגעהאָנגען אויף אַ באַזילבערטן שטאַנג. קאָזאַקאָוו אַליין האָט געבלענדט מיטן גלאַנץ פון זיין קליידונג. אָנשטאָט דעם באַשיידענעם אינטעליגענטיש־דעמאָקראַטישן פרענטש און גאַליפּע, איז ער געגאַנגען אין רויטע שאַראָוואַרעס מיט אַן אויסגענייטן שוואַרץ־סאַמעטענעם זשילעט. די ברוסט איז געווען באַהאָנגען מיט גאָדענע קייטן פון זייגער און די הענט געפּאַסט אין טייערע בראַסלעטן און רינגען.

אַזוי זענען אויך געווען אָנגעטון די דרייסיק מאַן פון זיין וואַנדער־„שטאַב״. די „זעלנער״ האָבן געטראָגן אויסגענייטע העמדער מיט רויטע גאַרטלען און קוטאַסן אויף די היטלען. דאָס מאָל זענען עס דורכאויס געווען פויערים־יונגען פון די דערפער און דער קריסטלעך שטאָטיקער המון. קיין אינטעליגענטע פנימער האָט מען כמעט ווי נישט אָנגעזען. עטלעכע סטודענטן זענען נאָר געווען צווישן די באַנדיטן, האָט זיי אויך דער גלח דערנאָך פאַרענטפערט, אַז דער שטן האָט זיי נאָר פאַרפירט צו שענדן יידישע פרויען און פון בלוט זענען זיי די הענט ריין געווען.

אַ סטודענט איז אויך געווען צווישן די זעקס רייטער, וועלכע

זענען אַריין אַלס אויסקוקער. דאָס שטעטל איז זיך באַלד צעלאָפן אין די פויערשע סעדער און גערטנער און די גליקלעכע, וואָס האָבן איינגעפונדעוועט „סעקרעטן", האָבן זיך באַהאַלטן אינדערהיים.

משה שטעלמאַכער האָט דערווייל געכאַפּט אין גאַס אַן עלטערן יידן און איז אַוועק מיט אים רופן די געדונגענע יידיש־קהלשע מליצים, קאַפּניקן מיט סמעלניצקין.

ווען זיי זענען אַלע פיר צוגעקומען צו דער טעלעפאָן־סטאַציע, ווו די אויסקוקערס האָבן זיך אָפּגעשטעלט רעדן אין טעלעפאָן, זענען זיי אַלע זעקס שוין געשטאַנען ביי דער טיר. סמעלניצקי האָט זיי פאָרגעשטעלט די יידישע דעלעגאַטן. יענע האָבן, זיצנדיק אויף די פערד, געוואָרפן אַ בליק אויף די צוויי יידלעך און האָבן באַפוילן, מען זאָל זיי אָנזעטיקן און אונטערשמידן די פערד און זיי אַליין זע־נען אויך געווען הונגעריק. משה האָט גלייך געשיקט שמידן די פערד און די אַלע זעקס רייטער האָט ער איינגעלאַדן צו זיך אין שטוב אַריין עפּעס צובייסן. מיט זיי זענען אַריינגעגאַנגען די צוויי גויעשע שלוחים פון קהל. משהס ווייבל האָט געגרייט דעם טיש. מיט דער רגע האָט מען געבראַכט בראָנפן, ברויט און וווּרשט מיט הערינג, און משה אַליין איז דערווייל געוואָרן ביי זיך פעסטער. האָט ער זיך צוגעזעצט היימיש צווישן די „געסט", צו זאָגן זיי אמתע עטלעכע ווערטער, אַז ער, אַלס יידישער האָראָפּאַשניק, וואָלט פאָרגעלייגט דעם אַטאַמאַן זייערן, ער זאָל צונויפרופן די היימישע באַלעבאַטים פונם דור־באָווער דאָרף און זאָלן זיי אָנווייזן, וועלכע יידן פונם שטעטל זע־נען קאָמוניסטן.

דערויף האָט אים געענטפערט איינער פון די זעקס פרעמדע, וואָס זענען ביים טיש געזעסן, אַז זיי, די געטרייע „זעלנער" פונם אַטאַמאַן קאָזאַקאָוו, פאַרשפאָרן צו פרעגן די היימישע, ווער ס'איז דאָ שולדיק. איצט איז אַזאַ צייט, וואָס מען דאַרף אויסקוילן אַלע זשידעס און שוין!

ביי דער זייט איז אין טויט־שרעק געשטאַנען דער ייד, וועלכן משה האָט געכאַפּט אין גאַס, אַלס דעלעגאַט, און נאָך עטלעכע יידן מיט איבערגעקערטע אויגן זענען שטילערהייט געקומען פרעגן, וואָס הערט זיך. משה האָט זיי געענטפערט, אַז יעדערער זאָל איצט טון, ווי ער פאַרשטייט און אַליין האָט ער אַרויסגערופן קאַפּניקן פון טיש

און האָט אים געבעטן, ער זאָל מיט זיי איבערעדן, אפשר ווילן זיי געלט.

די „געסט” האָבן זיך דערוויל געכאַפּט, אַז זיי זיצן אין אַ יידישער שטוב, און שוין האָבן זיי זיך אויפגעהייבן פון די ערטער אַוועקצוגיין. דערביי האָבן זיי משהן געשיקט נאָך פּאַפּיראָסן און אויף דעם אומגליקלעך־פאַרשטיינערטן דעלעגאַט זענען זיי געוועזן אין כּעס און האָבן אים באַפוילן, ער זאָל גלייך אַוועק פון די אויגן.

ווען משה האָט געבראַכט די פּאַפּיראָסן, זענען שוין אַלע זעקס רייטער געזעסן ביי אַ פלעשל בראָנפן אין דער מיליציע-פאַרוואַלטונג. קאפּניק איז אַרויס צו אים אַנטקעגן מיט אַ קלאָרער תשובה. זיי ווילן קאָנטריבוציע צוויי הונדערט טויזנט רובל אוקראַינער געלט. דאַן האָט אים משה געבעטן, ער זאָל זיך פּרווון דינגען, ווייל די לעצטע גראָשנס זענען שוין נאָר געבליבן אין שטעטל. דערביי איז ער צו־געפאַלן מיט תּחנונים צו די פויערים, וואָס זענען דאָ געשטאַנען, זיי זאָלן אויך אַריינוואַרפן אַ גוט וואָרט. נאָר קאפּניק איז באַלד אַרויס צוריק און האָט איבערגעגעבן, אַז זיי ווילן שוין קיין צוויי הונדערט טויזנט אויך נישט נעמען, ווייל סיי ווי, זאָגן זיי, וועלן זיי אַלעמען אויסהרגענען און אַלצדינג וועט בלייבן זייערס. דאָך האָט ער אים געזאָגט:

— קום, מאָשקע, נ׳מיר גיין צו קאָזאַקאָוון אַליין.

נאָר משה איז געווען שטאַרק צעטרייסלט און צעבראָכן. האָט ער אים געענטפערט, אַז ער קאָן נישט גיין. זאָלן זיי גיין ביידע מיט כּמעלניצקין און ער וועט דאָ וואַרטן. וואָס מען וועט דאַרפן, נעמט ער זיך אונטער צוצושטעלן מיט דער רגע. דערביי האָט ער זיך, אַ פאַרצווייפלטער, ווידער געוואָרפן מיט אַ געבעט צו די אַרומיקע פויע־רים, זיי זאָלן עפּעס טון, מען זאָל נישט אויסשעכטן קיין גאַנצע שטאָט אומשולדיקע מענטשן. נאָר דער עולם האָט געשוויגן... קאפּ־ניק מיט סמעלניצקין זענען ביידע אַוועק אַליין, נאָר באַלד האָבן זיי זיך געלאָזט לויפן צוריק. פונם דאָרף האָט זיך דערהערט אַ שיסעריי. ביי דער בריק איז שוין געווען דאָס באַנדיטן-חיל. מיט די גלאַנצענ־דיקע שווערדן קעגן דער זון, הויך געהייבן די פאָנען, האָבן זיי זיך מיט אַ פייפעריי אַריינגעריסן אין שטעטל.

—איר זענט אַלע פאַרפאַלן!—האָט קאַפּניק צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ אויפן פאַרלאָרענעם משה שטעלמאַכער.—מען הרגעט שוין...

דאָס האָט מען בײַ דער בריק דעם ערשטן יידישן קרבן אַוועק-נעלייגט. געווען איז עס איסאַק וויניצקי, דעם אַדוואָקאַט נעסטראָוו־סקיס אַן איידעם. דער אוקראַאינער פּעטליורע־אינטעליגענט, אַנדריי אָווטשאַרוק, וועלכער איז דורכאויס געזעסן איבּערן בוך, איז געווען זיינער אַ פּערזענלעכער פריינט. שעהנלאַנג פלעגן זיי פאַרברענגען און לעזן צוזאַמען. אין דעם פרימאָרגן זענען זיי ביידע געזעסן ביי אָווטשאַרוקן אין גאָרטן אונטער אַ בוים און האָבן געלעזן צייטונגען, וועלכע וויניצקי האָט ערגעץ צופעליק געקריגן. דערזעענדיק די באַנ-דיטן, האָט זיך אַנדריושע געלאָזט אַנטלויפן אין שטוב אַריין און ווי־ניצקי איז אים נאָכגעלאָפן, נאָר ער האָט פאַרשפּאַרט די טיר, ווען יענער איז שוין מיט אַ פוס אויף דער שוועל געשטאַנען און מען האָט וויניצקין געשאָסן ביי אים אונטערן פענסטער.

משה איז דערווייל אַנטלאָפן צו זיך אַהיים און דאָס ערשטע מאָל האָט ער זיין ווייבל מיט די פינף קינדער אין קעלער אַרונ־טערגעלאָזן. די איבעריקע צוויי קינדער האָט שוין די מוטער געהאַט אַוועקגעשיקט צום קירזשנער בעריסלאַווסקי אין „סעקרעט” אַריין. געווען איז עס אַ מיידל פון אַ יאָר פערצן און אַ קליין יינגעלע פון זעקס יאָר. דאָס קליינע יינגעלע האָט זייער געוויינט און האָט נישט געוואָלט אַוועקגיין פון דער מאַמען, נאָר זי האָט מורא געהאַט, ביי ביי איר זענען צופיל קינדער, האָט זי דאָס יינגעלע מיטן מיידל אַוועקגעשיקט מיט געוואַלד.

משה האָט גוט באַוואָרנט זיינע זעקס נפשות און מיט זיי צוויי שוועסטער, יונגע ווייבלעך מיט פיצעלעך קינדער אויף די הענט, זיי־נע שכנות. ער האָט זיי באַהאַלטן אין קעלער צווישן די אָבאָדעס, פון וועלכע ער פלעגט טאָקן די רעדער. די טיר האָט ער אויך פאַרלייגט מיט געהילץ פון זיין וואַרשטאַט. אויך האָט ער זיי פאַרזאָרגט מיט ברויט און אַן עמער וויינשל האָט ער זיי אַרונטערגעלאָזן. דערנאָך איז ער אַליין אַנטלאָפן אין שמידעשן געסל אַריין, ווו די יידישע שמידן האָבן אים אָנגעקוקט, צעטומלטע און פאַרלאָרענע... מיט פאַר-בראָכענע הענט זענען זיי געשטאַנען ביי די אָפענע טירן און האָבן געשטאַמלט אין שרעק:

—אַז משה אַנטלויפט שוין, איז שוין שלעכט...

ער איז זיי פאַרבייגעלאָפן און האָט זיך אַריינגעכאַפּט צו אַ גויעשן שמיד אין קוזשניע אַריין. דאָרטן האָט ער אַראָפּגעוואָרפן

פון זיך דאָס רעקל און האָט זיך געשטעלט אַרבעטן. פון איבערן וועג האָבן זיך געהערט הייזעריקע און פאַרשטיקטע קולות פון צוויי יידן, וואָס מען האָט אַרויסגעשלעפּט פון אַ גויעשן הויף אויף צו ממיתן. משה האָט געקלאַפּט מיטן האַמער איבער זיינע אייגענע פינ־גער און די אויגן זענען אים מיט בלוט געווען פאַרלאָפן. ער האָט געבעטן ביי דעם שמידס זון אַ טובה, ער זאָל גיין צו קאפּניקן און געבן אים צו וויסן, ווו ער, משה, געפינט זיך. אויב מען וועט אים דאַרפן, איז ער גרייט.

דער אַלטער שמיד האָט אים דערוויילּ געהייסן אַוועקגיין. און וויפל משה האָט אים געבעטן, איז ער אַלץ געשטאַנען אויף איינס, אַז ער האָט מורא פאַר נקמה. קיין לייטישער מענטש, זאָגט מען, טאָר איצט נישט באַהאַלטן קיין יידן. דאָך האָט ער אויף אים רחמנות געהאַט און האָט אים אָנגעוויזן לעבן קוזשניע אַ שטעלעכל מיט אַ ביידעמל, ווו ער קאָן זיך באַהאַלטן. משה איז אַוועק אין זיין באַהעלטעניש און דאָרטן האָט ער געוואַרט אויף ידיעות פונם יונגן שמיד. אַזוי איז אַוועק דער טאָג. די היץ איז געווען גרויס, אַרום האָט מען אין די זוניקע גאָלדענע פעלדער געשניטן די צייטיקע תבואות און דערביי האָבן די קולות פון די געשענדטע און געפיי־ניקטע צום טויט געשפּאָלטן די בלויע ליכטיקע הימלען.

פאַרנאַכט איז געקומען דער שמיד. ער האָט אים ארויפגע־וואָרפן דאָס רעקל מיטן היטל, וואָס ער האָט איבערגעלאָזט אין קוזש־ניע, דערנאָך איז ער אליין אַרויף אויפן ביידעמל דערציילן וואָס עס טוט זיך אין שטעטל.

די ידיעות זענען געווען קורץ. קאַפּניק מיט סמעלניצקין האָבן געזאָגט, אַז זיי קאָנען גאָרנישט טון. דערביי האָט ער אים אָנגערופן די נעמען פון פיר און צוואָנציק מענטשן, וועלכע ער האָט געזען ליגן טויט אין די גאַסן. אויך האָט ער געהערט אויפן דאָרף, אַז די „סאָלדאַטן״ בלייבן דאָ נעכטיקן. דאָרטן אויפן דאָרף איז זייער פריילעך, ס׳שפּילן גיטאַרעס און האַרמאָניקעס, מען טרינקט אין די הויפן ביי געגרייטע טישן, די יונגע טאַנצן, אַלע מיידלעך האָבן די „זעלנער באַשאָנקען מיט רינגען און בראַסלעטן.

אין צער און צאָרן איז משה אויפן ביידעמל איבערגעזעסן די נאַכט, פאַרנעמענדיק דאָס יאָמערן און לייד-געשרייען פון מענטשלע־כער גסיסה.

אין פרימאָרגן האָט מען אָנגעהייבן קלינגען אין קלויסטער אַזוי שטאַרק, ווי ביי אַ שרפה. משה האָט גלייך געשיקט דעם יונגן שמיד נאָך ידיעות. יענער איז באַלד געקומען צוריק און האָט אים איבערגעגעבן, אַז דער אַטאַמאַן רופט די היימישע פויערים אויף אַ „סכאָדקע". דאַן האָט אים משה געשיקט צו קאַפניקן מיט אַ בקשה, אַז ער מיט סמעלניצקין—ביידע זאָלן פועלן ביי די לייטישע באַלע-באַטים פונם דובאָווער דאָרף, אַז יענע זאָלן פון זייער זייט בעטן דעם אַטאַמאַן אָפּצושטעלן די בלוט-פאַרגיסונג. אויך האָט ער געבעטן דעם שמיד צו גיין צו זיין קעלער געוואָר ווערן די פאַמיליע, זאָגן, אַז ער לעבט און אַריינוואַרפן עטלעכע שטיקלעך ברויט פאַר די קינדער.

אין אַ פּאָר שעה אַרום איז דער שמיד געקומען מיט נייס. דער אַטאַמאַן קאָזאקאָוו האָט צונויפגערופן דאָס דאָרף לעבן קלויס־טער און האָט זיי געזאָגט, אַז איצט איז געקומען די צייט אויסצו־קוילן אַלע יידן: צי זענען זיי מסכים דערויף? און די באַלעבאַטים פון דאָרף האָבן געענטפערט, אַז ער מעג טון מיט די יידן, וואָס ער וויל, נאָר די יידישע שמידן זאָל ער נישט אָנרירן, ווייל איצט איז שניט־צייט, קאָן מען אָן זיי נישט אויסקומען. האָט דער אַטאַמאַן גע-זאָגט: גוט, די שמידן וועט ער לאָזן לעבן. אויך האָט ער אים אי־בערגעגעבן, אַז זיין קעלער איז גאַנץ און די פאַמיליע לעבט. צו-געגאַנגען עטלעכע מאָל „סאָלדאַטן", נאָר די קינדער זענען געשלאָפן און ס'איז געווען שטיל, זענען זיי אַוועק. איצט האָט ער די קינדער אַריינגעוואָרפן אַ שטיקל ברויט.

מיט דער דאָזיקער בשורה האָט משה געלעבט ביז נאָך האַלבן טאָג, ווען דער שמיד האָט אים אַרויפגעבראַכט זיין זון חנניה, אַ פאַרוויינטן, אַ צעטומלטן. ער האָט אים דערציילט, אַז פון קעלער האָבן זיך אַלע געמוזט צעלויפן, ווייל ס'איז דאָנערשטיק, זענען זיך די פויערים צונויפגעפאָרן אויפן יריד, ווי תמיד און אַ גאַנצן טאָג רויבן זיי די יידישע הייזער און קלייטן און פאַקן עס צו זיך אין די וועגן. די באַנדיטן הרגענען און זיי שלעפן אַלץ אַוועק מיט זיך. זענען זיי אויך באַפאַלן דעם רעדער־שפייכלער און אַזוי אַרום האָט מען אַנטדעקט דאָס באַהעלטעניש. באַלד זענען אָנגעלאָפן באַנדיטן און האָבן זיי אַלעמען געהייסן אַרויסגיין. די צוויי ווייבלעך מיט די פּיצעלעך קינדער אויף די הענט האָבן זיי ערגעץ אַוועקגעיאָגט און

ער, חנניה, האָט אויסגעוויינט ביי זיי דאָס לעבן פאַר זיך און דער מאַמען מיט די קינדער. ער האָט זיי געזאָגט, אַז זיין טאַטע איז אַן אָרעמער אַרבעטער און ער ווייס נישט, ווו ער איז. איצט איז די מוטער מיט די קינדער אַנטלאָפן צו קאַפּניקן ,און ער אַליין איז אַוועק זוכן דעם טאַטן.

משה מיט חנניהן זענען איבערגעזעסן דעם טאָג אויפן בוידעמל, איינהערנדיק זיך צום געררויש פונם שטעטלדיקן יריד מיט די אימה־געוואַלדן פון די געפייניקטע צום טויט. פאַרנאַכט האָט זיי דער שמיד געבראַכט אַ ידיעה, אַז דער אַטאַמאַן האָט באַפוילן די מענטשן פונם יריד, אַז זיי זאָלן אַלע יידישע הרוגים אַריינוואַרפן הינטערן באַרג, אין די גריבער פון דער „גלינישטשע", ווו מען וואַרפט אַוועק די נבלות פון פערד און בהמות.

משה האָט עס אויסגעהערט און איז מיטאַמאָל געוואָרן זייער טיכטיק. ער האָט געהייסן חנניהן אָנשרייבן אַ בריוול צום גלח, וואָרט ביי וואָרט, ווי ער וועט אים דיקטירן. ער, דער גלח, זאָל צונויפ־רופן אָרנטלעכע מענטשן און בעטן זיי, צו ראַטעווען כאָטש די פרויען מיט די קינדער, און דער שמיד זאָל עס אים אַוועקטראָגן.

יענער האָט גענומען דאָס בריוול און איז אַראָפּ פון בוידעם, נאָר באַלד האָט ער זיך אומגעקערט צוריק מיטן שטיקל פּאַפּיר אין האַנט און האָט אים באַפוילן מיטן האַרבן וואָרט: „מאָשקע, פאַרנעם זיך פון דאַנען!" דערביי האָט ער אים געטרייסט, אַז קיין אומאַן איז אַריין פּעטליורעס אַטאַמאַן, פּאַוולאַוו, האָט ער געגעבן אַ באַפעל קאָ־זאַקאָוון, ער זאָל מער נישט הרגענען קיין ווייבער און קינדער, נאָר די „סאָלדאַטן" בלייבן ווידער דאָ נעכטיקן.

משה מיט חנניהן האָבן אים אָנגעהייבן צו בעטן, ער זאָל זיי לאָזן דאָ איבערזיצן די נאַכט, נאָר דער גוי האָט זיך נישט געלאָזט איינרעדן און האָט זיי געדראָט צו דערציילן פון זייער באַהעלטעניש דער שוויגער, וועלכע האָט געשמט פאַר אַ גזלנטע נאָך אין די אַמאָ־ליקע יאָרן.

— קום, מיין קינד, — האָט משה געזאָגט צו חנניהן, — לאָמיר גיין אַהיים שטאַרבן...

זיי האָבן זיך ביידע צעקושט און זענען אַראָפּ פונם בוידעם צום שמיד אין סאָד אַריין, ווו הינטערן פאַרקאַן געפינען זיך די נאַ־סע ליים־גריבער פון דער „גלינישטשע". זיי האָבן באַשלאָסן צו גיין

באַזונדער, אפשר וועט איינער כאָטש בלייבן לעבן און זיי האָבן זיך ווידער אַרומגענומען קושן, נאָר אין דער רגע האָבן זיך דערהערט די היסטערישע קולות פון דער אַלטער חיה שקאָדניק, וועלכע היימי־שע באַנדיטן האָבן געשלעפט אַ לעבעדיקע אין קבר אַריין.

חנניה האָט זיך געגעבן אַ ריס פונם פאָטערס אָרעמס און איז ערגעץ אַנטלאָפן אין פעלד און משה אַליין האָט זיך שטילערהייט דורכגעשלייכט פאַרביי די פלויטן, ווי אַ קאַץ, צו זיך אין קעלער און דאָרטן איז ער באַלד געפאַלן חלשות...

ווען ער האָט זיך אויפגעכאַפּט, איז שוין געווען גרויסער טאָג. מען האָט ווידער געקלונגען אין קלויסטער, ווי ביי אַ שרפה. ער האָט געהערט, ווי די היימישע גוים האָבן אויבן, אין שפייכלער, זיינע אַבאָדעס גענומען, און ווער ס'האָט זיך געישובט, צי מען מעג נעמען פרעמדס, האָבן אים פון אַלע זייטן פאַרשידענע שטימען געענטפערט, אַז סיי ווי איז עס שוין אונדזערס. אַלעמען האָט מען זיי אויסגעהער־געט. אויך האָט ער געהערט, אַז מען קלינגט אין קלויסטער וועגן אַ „סכאָדקע". מען וויל בעטן דעם אַטאַמאַן, ער זאָל רחמנות האָבן אויף די ווייבער מיט די קינדער.

משה איז געלעגן אין קעלער אויף דער קאַלטער ערד און האָט טעמפּ געקוקט אין דער פינסטערניש. דער שטערן איז אים נאַס געווען פון אַ קאַלטן שווייס און אינגאַנצן איז ער געווען אַ פאַר־שטאַרטער. ערגעץ האָט געשפּילט מוזיק. סאָלדאַטן האָבן לידער גע־זונגען, און אויבן אין שפייכלער האָבן איש באַקאַנטע שטימען געורופן ביים נאָמען. דאָס זענען געקומען קאַפּניק מיט סמעלניצקין זען וואָס ער טוט און האָבן אים אָפּגעזוכט אין קעלער.

— קום אַרויס, מאָשקע! — האָבן זיי אים גערופן. — זיי גייען שוין אַוועק...

נאָר משה האָט זיך פון אָרט נישט געקאָנט רירן. זענען זיי אַראָפּגעגאַנגען און האָבן אים אַרויסגעפירט אונטער די הענט. אַרום זענען נאָך היימישע גוים געשטאַנען, האָבן זיי אים דערלאַנגט אַ טרונק וואַסער און האָבן אים אָנגעזאָגט די בשורה, אַז דאָס ווייב מיט די קינדער לעבן, דעם זון האָט מען אויסבאַהאַלטן אין פעלד. ער האָט זיך אויסגעטון דאָס היטל מיטן הערב און האָט מיט אַלע־מעי גלייך געקליבן די סנאָפּעס.

— געבליבן נאָך עפּעס יידן אין שטעטל? — האָט ער זיי געפרעגט.

— ווייניק...

— ווו זענען די ווייבער מיט די קינדער?

— ביי דימיטרי שאַבאָלינסקי. ער האָט געמאַכט ביי זיך אין שטוב אַ פּריוט און האָט זיי אַלעמען אַריינגענומען.

— און ווו זענען די הרוגים?

— אין „גלינישטשע". נאָר איצט איז שוין שטיל, — האָבן זיי אים באַרויקט. — דעם רבינס זון האָט מען נאָר ערשט געהרגעט, און שוין...

משה האָט זיך מיט ביידע הענט געכאַפּט פאַרן קאָפּ און איז מיט ווילדע קולות אַנטלאָפן אין גאַס אַריין.

# לא.

און ווידער זענען נסים געשען.

ביי דער גרויסער הריגה אין דובאָווע איז אומגעקומען די גאַנצע עדה יידן און דאָך האָט מען געזען די נסים פון גאָט. על פּי נס זענען לעבן געבליבן דאָס ביסעלע אלמנות און יתומים און געשען איז דער נס אינם זכות פון אַ פּיצעלע קינד.

דאָנערשטיק בייטאָג, ווען מען האָט אַנטדעקט ביי משה שטעל־מאַכער דאָס באַהעלטעניש פון זיין פאַמיליע, זענען די צוויי פרעמדע ווייבלעך מיט די פּיצלעך קינדער אויף די הענט אַנטלאָפן אין גאַס אַריין. איינע פון זיי האָט זיך אַריינגעכאַפּט צו אַ ציגיינער אין שטיבל און איז לעבן געבליבן און די אַנדערע האָט זיך געלאָזט לויפן צו די שמידן, ווו אַ סך מענטשן האָבן זיך אויסבאַהאַלטן, ווייל לויט דער בקשה פון די היימישע פויערים, האָט מען זייערע הייזער אויסגעמיידט. נאָר אין די קוזשניעס איז געווען זייער ענג און הייס, איז דאָס ווייבל אַנטלאָפן אין שטוב אַריין, נאָר אַריבער־לויפנדיק די גאַס, איז איר באַפאַלן אַ באַנדיט און איר געוואָלט

שענדן. געווען איז עס די הויכע און געזונטע שרה נימעראָווסקי. האָט זי זיך געראַנגלט, ביז יענער האָט איר מיטן שווערד צעשפּאָלטן דעם קאָפּ...

זי איז אומגעפאַלן. אויפן קינד וזאָט אַ שפּריץ געטון איר פּריש בלוט און דאָס קינד האָט אָנגעהייבן צו שרייען. דאַן האָט דער באַנדיט עס גענומען אויף די הענט און האָט עס אָנגעהייבן איינצושטילן, נאָר דאָס קינד האָט דאָך געשריגן. איז עס אים נמאס געוואָרן. די קולות פונם קליינעם באַשעפעניש האָבן אים שטאַרק גע־ערגערט, כאָטש ער האָט באַלד דערויף רחמנות געהאַט. האָט ער עס אויף די הענט, אַ שרייענדיקס, אַוועקגעטראָגן צום „גלינישטשע", נאָר דאָרטן זענען געשטאַנען גויעס, וועלכע האָבן נייגעריק צוגעקוקט, ווי מען וואַרפט טויטע און לעבעדיקע מענטשן אין די נאַסע קברים אַריין. האָבן זיי געזאָגט, אַז דאָס איז אַ גרויסע זינד פאַר גאָט אַריינצוּוואַרפן לעבעדיקערהייט אין גרוב אַזאַ קליין אומשולדיק באַ־שעפעניש, און איינע פון די דאָזיקע גויקעס האָט גענומען דאָס קינד ביים גזלן פון די הענט און האָט עס אַוועקגעטראָגן אינם קריסטלעכן קאָאָפּעראַטיוו. דאָרטן האָט זיך אַרום דעם קינד אָנגעקליבן אַ גרוי־סער פּויערשער עולם, איבערהויפּט פרויען און איינע, אַ יונגינקע, מיט אַן אייגן פּיצעלע קינד אויף די הענט, האָט זיך אַרויסגערופן, אַז זי וועט דאָס יידישע עופעלע אָנזויגן און וועט עס נעמען צו זיך.

נאָר אין בלויען באַגינען האָט די גויקע געבראַכט דאָס שריי־ענדיקע קינד צוריק אין קאָאָפּעראַטיוו. פאַר קיין אופן האָט עס נישט געוואָלט אָנעמען די פרעמדע ברוסט פון דער יונגינקער זויגערין. דאָס האָט אַ גרויסן רושם געמאַכט אויף די אַרומיקע פּויערשע ווײַ־בער און זיי האָבן אָנגעהייבן שרייען, אַז ז׳אָס איז אַ נבלה, וואָס מען הרגעט מאַמעס פון קליינע קינדער. גאָט וועט עס נישט מוחל זיין קיינעם. דאַן האָט זיך אַריינגעמישט דער „פריידענקער" דימיט־רי שאַבאָלינסקי און האָט אויפגעגעבן אַ פּלאַן, אַז ער וועט הייסן קלינגען אין קלויסטער, אַז אַלע באַלעבאַטים פונם דאָרף זאָלן זיך צו־נויפקומען אויף אַ „סכאָדקע" און זיי, די גויקעס, זאָלן פאָדערן ביים אַטאַמאַן, מען זאָל מער נישט הרגענען קיין ווייבער און קינדער. ער, דימיטרי, גיט פאַר זיי זיין שטוב אויף אַ פּריוט און אַלע זאָל מען זיי ברענגען צו אים.

געוועז איז עס שוין פרייטיק אינדערפרי, אין דעם דריטן טאָג

פון דער הריגה, ווען אין שטעטל זענען פאַרבליבן נאָר הונדערט מיט צען אלמנות און אַ צוויי הונדערט יתומים.

# לב.

אין דעמזעלבן פרימאָרגן איז נאָך אַ נס געשען. געווען איז עס ביים רב אין שטוב.

אמת, דאָרטן איז עס שוין קיין נייס נישט געווען. ביי דער ערשטער הריגה האָבן די היימישע איבערגעקערטע פעלצן געשאַנע־וועט זיין שטוב און כ׳ סיון האָבן די פרעמדע באַנדיטן אויך דאָרטן קיין שנירל נישט אנגערירט.

אויפן שטעטל האָבן די דאָזיקע פאַקטן אַ גרויסן רושם גע־מאַכט און מען האָט אָנגעהייבן גלויבן אין דובאָווע, אַז אויפן רבס שטוב האָבן די באַנדיטן קיין שליטה נישט, און יעדער איינציקער, וואָס האָט נאָך געהאַט עפּעס טייערס צו באַהאַלטן, איז געקומען צו דער רביצין מיט אַ געבעט, זי זאָל עס ערגעץ אַוועקלייגן ביי זיך, ס׳זאָל זיין אין דעם גבול, ווו דער רב געפינט זיך.

אַלע שאַפעס און קאַסטנס זענען ביי דער רביצין געוואָרן אָנ־געפּילט מיט פרעמד פאַרמעגן. מען האָט איר געבראַכט צירונג און פעקלעך אַלערליי געלטער, וואָס זי האָט אפילו נישט געוווסט, ווי אַזוי זיי הייסן. מען האָט איר פאַרהאָנגען אַלע ווינקעלעך מיט טייע־רע פוטער-בגדים און זיידענע קליידער, ממש אַ רייכטום האָט מען איר אָנגעטראָגן.

און פלעגט זיך אַריינרייסן אַ באַנדע, האָט זיך קליין און גרויס געלאָזט לויפן צום רבס שטוב. ווער ס׳האָט זיך אַריינגעריסן אינע־ווייניק, איז געווען זיכער, אַז אין זיין זכות וועט ער לעבן בלייבן. און מעל האָט די רביצן געהאַט, פלעגט זי באַקן קוכן און געבן צו עסן דעם עולם, ביז גאָט האָט געהאָלפן—די סכנה איז אַריבער.

אין אַזעלכע אומרויקע טעג פלעגט דער אַלטער רב זיך שטאַרקן, צו זיין אָנגעטון און געלעגן איז ער תמיד אין בית-דין שטוב אויף דער קאַנאַפּע, מיטן אָפענעם ספר אויפן טיש לעבן זיך.

פון צייט צו צייט פלעגט ער אַריינרופן די רביצין און אָנזאָגן איר, זי זאָל האָבן אין זינען צו געבן טיי די זויגערינס מיט די קליינע קינדער. אָפט האָט ער גערופן דעם זון, ער זאָל אים איבערבייטן דעם ספר. נאָר געגעסן האָט ער ווייניק, ער האָט געלעבט דורכאויס מיט טראָפּנס, וועלכע האָבן אים געקוויקט און געקרעפטיקט דאָס האַרץ.

אַזוי איז עס געווען דעם גאַנצן זומער ביז תשעה באב, ביז דער גרויסער הריגה.

אויף מאָרגן נאָך תשעה באב, ווען דאָס באַנדיטן־חיל האָט זיך אַריינגעריסן קיין דובאָווע מיט די גלאַנציקע מעסערס און שווערדן אין דער הויך, האָט זיך דאָס שטעטל, ווי תמיד, געלאָזט לויפן צום רב אין שטוב אַריין, ווו די רוצחים האָבן קיין שליטה נישט געהאַט.

די רביצין האָט זיך גענומען באַקן קוכן, ווי איר שטייגער איז געווען און דער סאַמאָוואַר האָט גלייך געזאָדן אויפן טיש פאַר די זויגערינס און קליינע קינדער. דער רב אַליין האָט געבעטן דעם זון, ער זאָל אים אָנטון: ער וויל ליגן אין בית-דין־שטוב אויפן קאַנאַ-פּע. פון גאַס זענען אַלע רגע אַריינגעלאָפן טויט-דערשראָקענע יידן, ווייבער און קינדער. אין שטוב איז געוואָרן זייער ענג. אַלע צי-מערן, די קיך, דאָס פּאָדער־שטיבל—אומעטום איז געווען פול מיט מענטשן. אַלע דובאָווער יידן האָבן זיך געוואָלט ראַטעווען דאָס לעבן אינם זכות פון זייער אַלטן קראַנקן רב.

אַ פּאָר שעה האָט עס געדויערט, דערנאָך איז געשען אַן אומ-גליק.

מיטאַמאָל האָט עס געגעבן אַ האַק פון אונטערן וואַנט. די שויבן האָבן אָנגעהייבן צו קלינגען און צום רב אין שטוב האָבן זיך אַריינגעריסן עטלעכע באַנדיטן-יונגען מיט שווערדן און שאָמפּאָלעס אין די הענט. גלייך האָבן זיי זיך געוואָרפן צום רב, וועלכער איז שטיל געלעגן אויף דער געבעטער קאַנאַפּע. מיט ווילדע קולות האָבן זיי זיך צו אים געוואָרפן און אויף די ביינער פונם אָפּגעצערטן זקן האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט די טמא הענט זייערע...

אַ טעמפּער יאָמער־געשריי האָט זיך אַרויסגעריסן דורך דער אָפּע-נער טיר אין גאַס אַריין, און דער עולם האָט זיך אין אימה און אין פּחד געלאָזט לויפן פונם רבס שטוב, ווו די אויגן טראָגן.

אַזוי איז געפֿאַלן די לעצטע פֿעסטונג, וואָס די דובאָווער יידן האָבן פֿאַרמאָגט.

די באַנדיטן האָבן דעם רב שטאַרק צעשלאָגן. פֿון די אויערן האָט אים געגאָסן בלוט. אַ האַנט האָבן זיי אים אויסגעדרייט אַהינטער, נאָר חוץ אים האָבן זיי נישט אָנגערירט קיינעם. זיי האָבן זיך גלייך געוואָרפֿן צו די שאַפֿעס און קאַסטנס, ווו דאָס רעשט ביסל גוטס פֿונם שטעטל איז געלעגן באַהאַלטן. די אויגן האָט עס זיי פֿאַרבלענדט.

די באַנדיטן זענען אַזוי פֿאַרכּישופֿט געוואָרן פֿונם געלט און צירונג, אַז זיי האָבן אין די נפשות פֿאַרגעסן. נאָר די אַלע טייערע זאַכן, וואָס די דובאָווער באַלעבאַטים און באַלעבאָסטעס האָבן איבערגעגעבן אינם רשות פֿון דער רביצין, האָבן דעם רבס באַשיידן שטיבל געמאַכט פֿאַר אַ נעסט פֿון פֿאַרבאָרגענע רייכטימער, אין דער צייט, ווען אין אַלע יידישע הייזער פֿונם שטעטל איז שוין געווען פּוסט.

די ערשטע עטלעכע באַנדיטן־זעלנער, וואָס האָבן זיך צופֿעליק אַהין אַריינגעריסן, זענען אַרויס באַלאָדן מיט געלט און צירונג, און דאָס האָט זיך איבערגעגעבן פֿון איין באַנדיט צום אַנדערן. אַזוי אַרום האָט זיך צווישן זיי פֿאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז בײַ דעם זשידאָווסקן ראַבין אין שטיבל איז דאָ אַ פֿאַרבאָרגענער אוצר און אַלע האָבן זיך געלאָזט אַהין נאָך פּעקלעך פֿאַרשידענע געלטער, מיט גאָלד און זילבערנע חפֿצים.

חברותוויז האָבן זיי זיך יעדעס מאָל אַריינגעריסן מיט העק און דובינעס, און זוכנדיק איבער די שאַפֿעס מיט די קאַסטנס און אַלערליי שטוב־כּלים, האָבן זיי געבראָכן אַלצדינג, וואָס איז זיי געקומען צו די הענט.

דער רב איז געלעגן אין בית־דין־שטוב אויפֿן קאַנאַפּע מיטן הויך אויסגעבעטן בעטגעוואַנט און לעבן אים איז אויפֿן טיש נאָך אַלץ געלעגן דער אָפֿענער ספֿר. די רביצין איז געזעסן שטיל לעבן אים אויף אַ בענקל און האָט אים געלייגט קאַלטע קאָמפּרעסן צום קאָפּ. די באַנדיטן האָבן געווילדעוועט, געבראָכן טיש און בענק, איבערגעקערט די אויסגעליידיקטע שאַפֿעס מיט די דעקן אַרויף, צעהאַקט דעם אויוון, נאָר אויף זיי, די צוויי אַלטע לייט, האָבן זיי

יך נישט אומגעקוקט, ווי זיי וואָלטן גאָרנישט געווען פאַר די אויגן.

נאָר דאָס איז אַלץ געווען ביז אין שטוב האָט זיך נאָך געפונען וואָס צו נעמען. די גאָלדענע צענערלעך מיטן צירונג פון די דובאָווער יידן האָבן זיך לסוף אויסגעלאָזט און דאַן האָבן זיך די באַנדיטן אומגעקוקט אויפן אַלטן שטילן פּאָרפאָלק פון דער צעבראָכענער און אַרומגעפליקטער בית-דין־שטוב.

געפינענדיק ליידיק די איבערגעקערטע שאַפעס, האָבן זיך די באַנדיטן געוואָרפן מיט דובינעס אויפן אַלטן קראַנקן רב.

— זאָג, אַלטער טייוול, וווּ האָסטו באַהאַלטן דאָס געלט ? — האָבן זיי כסדר געשריגן צו אים, שלאָגנדיק מיט די הענטלעך פון די ביקסן.

און דער דובאָווער רב איז אַלץ געלעגן שטיל אויפן קאַנאַפּע מיט די אויסגעבעטע קישנס, באַפלעקטע מיט זיין פריש פּאַרגאָסענעם בלוט און דער אָפענער ספר אויפן טיש לעבן אים און די ענערגישע רביצין האָט געבעטן. זי האָט געשוואָרן, אַז זי האָט מער קיין געלט נישט. די באַנדיטן האָט געערגערט דאָס דאָזיקע עקשנות פונם אַלטן פּאָרפאָלק, וועלכע ווילן נישט אויסזאָגן דעם סוד, וווּ זיי האָבן באַהאַלטן זייער פּאַרמעגן.

און זיי נעמען זיך צום פייניקן, מיינענדיק אַזוי אַרום אַרויסצוציען דעם אמת, און געפייניקט האָט מען נאָר אים. מיט עמערס האָבן זיי אויף אים אויסגעגאָסן דאָס גאַנצע פעסל וואַסער, וואָס איז געשטאַנען אין קיך. דערנאָך האָבן זיי אים אַראָפּגעשלעפט אויף דער ערד און געשלאָגן מיט די פיס אין קאָפּ אַריין. נאָר ווען זיי זענען אַוועק, האָט אים די רביצין אויף דער ערד אונטערגעלייגט אַ קישן צוקאָפּנס. ער האָט געבעטן, זאָל זי אים אויף אַ בענקל אַוועקלייגן דעם אָפענעם ספר.

די דאָזיקע פּאָזע פונם פּאַרוואונדעטן צעבלוטיקטן זקן, וועלכער איז געלעגן אויף דער ערד מיטן אָפענעם ספר לעבן זיך, האָט אַרויסגערופן אַ ווילד געלעכטער ביי די באַנדיטן. זיי זענען נאָך אַלץ געגאַנגען חברותוויז זוכן גאָלד און פעקלעך ניקאָלאַיעווער נעלט.

— זאָג, אַלטער טייוול, ווו איז דער זשידאָווסקער גאָט ? —

האָבן זיי געשריגן מיטווילדע געלעכטערס, שטעכנדיק אים מיט די שווערדן.

דער דובאָווער רב האָט זיך אָפּגערופן לסוף:

— זאָג זיי אויף זייער לשון, אַז זיי זאָלן מיר בעסער געבן אַ קויל, — האָט ער געזאָגט צו דער רביצין.

— גיט אים בעסער אַ קויל! — האָט זי איבערגעחזרט אויף אוקראַיניש וואָרט ביי וואָרט.

ווילדע געלעכטערס האָבן פאַרהילכט אירע ווערטער, אָנגעזאַפּטע מיט צער און טרערן.

— זאָג, ווו איז דער זשידאָווסקער גאָט?...

— רבונו-של־עולם, איך נעם אָן די יסורים. איך בין מקבל באהבה... נאָר איך קאָן דעם חלול-השם נישט ליידן, בעט זיי נאָכאַמאָל... אויף זייער לשון בעט... אַ קויל... איך קאָן דעם חלול-השם נישט ליידן... אויף זייער לשון...

ער האָט גערעדט שוואַך, מיט האַלבע ווערטער, נאָר די רביצין האָט אויף אוקראַיניש ווייך און האַרציק אים נאָכגערעדט, געבעטן און געוויינט. זי האָט פאַר זיך אויך געבעטן אַ קויל...

נאָר די באַנדיטן פון קאָזאַקאָוון האָבן דעם דובאָווער רב מיט דער רביצין קיין קוילן נישט געגעבן. אים האָט מען געפייניקט פון מיטוואָך ביז פרייטיק אינדערפרי און זי איז געשטאַנען אויף דער וואַך, היטנדיק די כשרע נשמה זיינע. איר האָט זיך דורכאויס געדאַכט, אַז ער גוססעט, כאָטש ער האָט גערעדט און איז געווען ביי די געדאַנקען. נאָר ער האָט וידוי געזאָגט און זיין קול איז וואָס ווייטער, שוואַכער געוואָרן.

די רביצין האָט אים אָנגעטון ווייסע וועש. אויך זענען ביי איר אויבן אויף געלעגן גרייט דער טלית מיטן קיטל, ווייל זי האָט געטראַכט צו דערהיטן נאָך די מינוט, ווען די כשערע נשמה וועט אַרויס, דאַן וועט זי לויפן אויפזוכן ערגעץ אַ צוויי דריי עלטערע יידן, זיי זאָלן אים שוין ברענגען צו קבורה, די רוצחים זאָלן כאָטש דעם מת נישט מטמא זיין.

אַזוי האָט געטראַכט די רביצין, נאָר זי האָט אויך געהאַט אַן אַנדער פּלאַן. ס'איז איר איינגעפאַלן אַ געדאַנק אָנצונעמען זיך מיט כוחות און אַוועקטראָגן אים ערגעץ, נישט ווייט, אין אַ גויעשן גאָרטן אַריין. מען וועט אים אויפהערן צו שלאָגן, וועט ער אפשר אָפּלעבן.

נאָר רירן זיך פון אָרט האָט זי נישט געקענט, ווייל זיצנדיק אין שטוב, האָט זי אָפּגעהיט דעם בוידעם, ווו דער זון מיט דער שנור און קינדער זענען געלעגן באַהאַלטן.

---

געווען איז עס מענדל, דער יינגסטער ברודער פון מיכה יוסף בערדיטשעווסקי.

אַ געשטראָפּטער פון גאָט איז געווען דער דאָזיקער בן זקונים פונם דובאָווער רב. ער איז שוין געווען אַ מענטש פון זיבן און דרייסיק יאָר, אַ טאַטע פון זעקס קינדער. זיין עלטסטער זון האָט שוין געדינט אין מיליטער און געבליבן איז ער ביי זיין בחור־שיינקייט, ווי ער וואָלט ערשט פון דער חופה געקומען. די שיינע שוואַרצע אויגן, אין וועלכע ס׳האָט נאָך געגליט דער פייער פון יוגנט, און דער טונקעלער קאָפּ געלאָקטע האָר, ביי זיין הויכן און גלייכן וווקס, איז געווען זייער פאַרדעכטיק. מענדל בערדיטשעווסקי האָט אויסגעזען ווי אַ קאָמוניסט און דעריבער איז דעם זומער תּרע״ט אויף אים געווען גרעסער דער פּחד, ווי אויף אַלע אַנדערע יונגע־לייט אין דובאָווע. ווי נאָר עפּעס אַ מהומה אין שטעטל, האָט מען דאָס ערשטע געדאַרפט באַהאַלטן מענדל דעם רבס, ער זאָל זיך נישט וואַרפן אין די אויגן מיט זיינע שוואַרצע לאָקן.

זיין אָרט איז געווען תּמיד ביים טאַטן אויפן בוידעם.

אין דעם ערשטן טאָג פון דער גרויסער הריגה, ווען די באַנ־דיטן האָבן באַקומען שליטה אויפן רבס שטוב, איז אַרויף צו מענד־לען אויפן בוידעם אויך זיין פרוי מיט די פינף קליינע קינדער זיי־ערע און אַ ייד אַ קצב, דעם רבס אַ שכן.

מען האָט זיך דאָרטן גאַנץ באַקוועם איינגעאָרדנט מיט אַן אי־בערבעט, מיט אַן עמער וואַסער, אַ פּושקע צוקער און ברויט מיט פּוטער. דערנאָך האָט מען צוגענומען דעם לייטער און די אַלטע לייט זענען געבליבן אונטן, קיינעם זאָל נישט איינפאַלן, אַז אַ חוץ זיי, איז נאָך דאָ עמעצער פאַראַן אין שטוב.

נאָר דערביי איז געווען אַן אומגליק. רייזעלע, מענדלס זיבן־יאָריק טעכטערל האָט פאַר קיין אופן נישט געוואָלט זיצן אויפן בוי־דעם מיט טאַטע און מאַמע. זי האָט בעסער געוואָלט זיין אונטן ביים זיידן מיט דער באָבען. פאַר מורא, זי זאָל נישט וויינען, האָט מען

רייזעלען צוליב געטון און מען האָט זי אַראָפּגעלאָזט אונטן. דאָס מיידעלע איז געווען די גאַנצע צייט אינאיינעם מיטן אַלטן פּאָרפּאָלק. ווען עס פלעגן זיך אַריינרייסן באַנדיטן, צו שלאָגן דעם זיידן, האָט זיך רייזעלע דאַן באַהאַלטן אונטערן אויוון און קיינער האָט זי נישט געזען. דערנאָך פלעגט זי ווידער זיצן אויף דער ערד מיט דער באָ-בען און קוקן ווי אַזוי זי לייגט דעם זיידן קאָמפּרעסן צום קאָפּ.

אַזוי איז רייזעלע געווען אונטן מיטן זיידן און דער באָבען ביז דאָנערשטיק ביינאַכט.

נאָר שפּעט, נאָך האַלבע נאַכט, האָט דאָס קינד מיטאַמאָל אָנגע-הייבן מורא האָבן פאַר די באַנדיטן. זי האָט זיך געבעטן צו דער מאַמען, און אַז די אַלטע האָט זי אַרויפגעזעצט אויפן בוידעם, איז דאָס מיידעלע צוגעפאַלן מיט אַ געוויין צו דער מוטער:

— מאַמע, איך האָב מורא... די באַנדיטן האָבן דעם זיידן אויסגעשטאָכן די אויגן...

ס'איז שוין געווען באַגינען. דער רב איז שוין געלעגן, ווי אַ הרוג, נאָר ער האָט נאָך גערעדט איינציקע ווערטער. ער האָט נאָך אַלץ געבעטן אַ קויל...

— אויף זייער לשון... בעט... אויף זייער לשון... אסתר...

נאָר די רביצין האָט אים שוין דאַן נישט געהערט. ביי דער לעצטער מינוט האָט זי געמוזט פאַרלאָזן איר געטרייען פאָסטן. זי איז געזעסן אויף דער שוועל מיט אַ צעשפּאָלטענעם קאָפּ, באָדנדיק זיך אין איר אייגענעם בלוט און האָט זיך מיט אַלע כּוחות געקלאַפּט „על חטא". זי האָט שוין אַליין אויך וידוי געזאָגט, נאָר דערביי האָט זי געבעטן און געטענהט, ווי פון אַ תּחינה אַרויס, אַז דער אויבערשטער זאָל איר פאַרהיטן די נעסט מיט די קליינע פייגעלעך פונם בוידעם. אינם זכות פון די קליינע קינדער האָט זי געבעטן.

נאָר אין דער מינוט זענען ווידער אָנגעלאָפן אַ חברה באַנ-דיטן-יונגען. אַ גויע, וואָס איז געגאַנגען פאַרביי מיט אַן עמער וואַ-סער, האָט זי אַרויסגעריסן, די געחלשטע רביצין, פון זייערע הענט. זיי האָבן שוין געוואָלט אַוועקגיין, נאָר אין דער רגע האָט פונם בוידעם עמעצער אַ הוסט געטון.

געווען איז עס דעם רבס שכן, משה דער קצב. אַ הוסטער איז ער געווען אַלע זיינע יאָרן. דריי טעג האָט אים דעם רבס שנור

געהאָדעוועט מיט צוקער, ער זאָל נישט הוסטן און לסוף האָט ער דאך אַ הוסט געטון.

צווישן די באַנדיטן איז געוואָרן אַ פרייד. מיט ווילדע קולות און געלעכטערס האָט מען זיי אַלע אַראָפּגעשלעפּט פונם בוידעם און, נאַטירלעך, ווי זיי האָבן דערזען מענדלען, האָבן זיי אָנגעהייבן שריי־ען: „קאָמוניסט" !..

די היימישע גוים האָבן אים גלייך אויסגעטון און צוגעמאָסטן זיך זיינע זאַכן. מענדל בערדיטשעווסקי איז תּמיד געגאַנגען אָנגעטון דאָס שענסטע און דאָס בעסטע. צווישן די גוים איז געוואָרן אַ גע-שלעג. איבער זיין שיין העמד און מיט די שיך האָט מען זיך נישט געקענט איינטיילן. איין שוך איז געבליבן ביי איין גוי און דער צווייטער—ביי דעם אַנדערן.

דערנאָך האָט מען מענדלען געהרגעט. און דערפאַר, וואָס מען האָט געזען ממש מיט די אויגן, אַז ער איז אַ קאָמוניסט, האָט מען אים אָפּגעהאַקט פון די הענט און פיס אַלע פינגער. דעם פּשוטן יידן משה דעם קצב האָט מען פּשוט דערשאָסן.

און דאַן איז געשען דער נס.

פונקט אין דער מינוט האָט מען אָנגעהייבן קלינגען אין קלויס־טער. ס׳איז שוין געווען פּרייטיק אינדערפרי. נאָך פאַר זון-אויפגאַנג האָט מען גערופן אויף אַ „סכאָדקע". די דובאָווער גוים זענען שוין מיד געוואָרן צו שלעפּן די יידישע הרוגים אין די גריבער אַריין, האָבן זיי געפאָדערט פון קאָזאַקאָוון אויפן ׳ דריטן טאָג פון דער הריגה, מען זאָל אויפהערן צו קוילן ווייבער און קינדער. אַזוי אַרום איז לעבן געבליבן די אַלטע רביצין מיטן צעשפּאָלטענעם קאָפּ און איר יונגע שנור, יענטע בערדיטשעווסקי, מיט אירע פינף קליינע קינדער. מען האָט זיי אַוועקגעפירט צו דימיטרי שאבאָלינסקי אין פּריוט, אַז ער, דער גוטער גוי, זאָל אויף זיי השגחה געבן.

און דער קלויסטער האָט נאָך אַלץ געקלונגען. די זון איז אויפגעגאַנגען און די גוים האָבן נאָך אַלץ צונויפגענומען די הרוגים. צום רבס שטוב איז צוגעפאָרן אַ גרויסע פור מיט אַ פּאָר געזונטע פערד געשפּאַנט. ביז די ברעגן איז זי געווען פול מיט געהרגעטע יידן, ווייבער און קינדער, און אויף דעמדאָזיקן הרוגים־באַרג האָבן די צוויי גוים אַרויפגעוואָרפן משה דעם קצב און דעם רב מיטן זון,

איינטיילנדיק זיך ביידע מיט דעם טלית און קיטל, וואָס די רביצין האָט געהאַלטן גרייט אויבן אויף.

מען האָט אים אַוועקגעפירט הינטערן באַרג און אַר ינגעוואָרפן אין „גלינישטשע" אינאיינעם מיט זיין גאַנצער עדה יידן.

## לג.

און נאָך אַ נס איז געשען אין די דאָזיקע הריגה-טעג פון דובאָווע.

מיטוואָך פאַרנאַכט, ווען אין די גאַסן האָבן שוין חזירים און הינט אַרומגעשלעפּט אָפּגעריסענע מענטשלעכע גלידער, זענען אַריינגעקומען אין שטעטל דריי און זעכציק יינגלעך און מיידלעך פון דובאָווע, וואָס האָבן געאַרבעט אויף די בוראַקעס־פעלדער לעבן דער צוקער-פאַבריק פונם דאָרף פערעגאָנאָווקע. דאָס זענען געווען קינדער פון יידיש באַלעבאַטישע עלטערן, וואָס האָבן דאַן געזוכט די מעגלעכקייט אָנצודינגען זיך פיזיש צו אַרבעטן ביי דער פויערשער באַפעלקערונג פון די דערפער, זיי זאָלן זיך נישט וואַרפן אין די אויגן פון די היימישע גוים אַלס ליידיקגייער. די דאָזיקע אַרבעטער־יוגנט איז געקומען אויף שבת נחמו אַהיים נאָך זעקס וואָכן אַרבעט אין די פעלדער, אָפּגעברענטע און קרעפטיקע פון לופט און זון־שיין

נאָר מיט הוראַ־געשרייען און הוזק־געלעכטערס האָט זיי באַגעגנט דאָס יונגוואַרג פון די דאָרפישע גאַסן אין דובאָווע, וואַרפנדיק אויף זיי מיט שטיינער. די דריי און זעכציק קינדער האָבן זיך געלאָזט לויפן איבער דער בריק אין שטעטל אַריין גלייך צו די באַנדיטן אין די הענט.

נאָר גאָט האָט געטון אַ נס. פון אַ פויערשן גאָרטן, העט לעבן ברעג, האָט זיך אויפגעעפנט אַ טירל און אַן עלטערער פויער האָט זיי שטילערהייט אַריינגעלאָזט אַלעמען צו זיך אין סאָד אַריין. געווען איז עס דער הויף פון די צוויי ברידער אַנטאָן און רעיער מעלניק. האָבן זיי די יידישע יינגלעך און מיידלעך דריי טעג אויסבאַהאַלטן ביי זיך אין גאָרטן, געקאָכט פאַר זיי קאַרטאָפליעס און געגעבן ברויט מיט

וואַסער און פרייטיק, נאָך האַלבן טאָג, ווען די באַנדיטן זענען אַוועק, האָבן זיי דיביידע גוטע גוים אַרויסגעלאָזט פון זייער באַהעלטעניש, זיי זאָלן גיין זוכן טאַטע און מאַמע. נאָר זייערע משפחות האָט מען כמעט אַלע אויסגעהרגעט און אַרײַנגעוואָרפן אין „גלינישטשע".

# לד.

נאָר דער גרעסטער נס איז געשען ביי די דובאָווער שמידן.

דריי יידישע משפחות זענען עס געווען און פון דער גאַנצער עדה יידן האָבן נאָר זיי באַקומען דאָס רעכט צו בלייבן לעבן, דער־פאַר וואָס מען האָט אין פויערשן הויף געדאַרפט זייער אַרבעט. דער באַנדיטן־אַטאַמאַן קאָזאַקאָוו האָט זיי געטון דעמדאָזיקן חסד, ווייל זיי, די יידישע שמידן פון דובאָווע, זענען אים אַליין אויך גוט צונוץ געקומען. די אַלע דריי ליכטיקע זומער-טעג פון דער גרוי-סער הריגה האָבן זיי פאַר זיין באַנדיטן-חיל געשמידט די פערד און געשאַרפט די שווערדן, אויסצוקוילן דאָס יידישע שטעטל און זיי זע־נען עס געווען די איינציקע יידיש-לעבעדיקע עדות פון די אַלע חוזק־טויטן און מיתות־משונות, וואָס די גויעשע טמאים־קעפ האָבן צוגעטראַכט זייערע יידישע קרבנות צו פייניקן.

זיי האָבן געזען, ווי אַזוי מען האָט דער געשמדטער פייגע־ווי-טעלעס באָבע, חיה שקאָדניק, געשלעפט אַ לעבעדיקע אין קבר אַריין. אירע קולות האָבן געלעכערט די אויערן. האָט מען איר אונטערגע־שאָסן, איז זי שוין דאַן שטיל געבליבן. נאָר אַז מען האָט זי אַריינ-געוואָרפן אין גרוב פון דער „גלינישטשע" צווישן יונגעלייט און יידן מיט בערד, האָט זי זיך מיטן קלייד גוט די פיס צוגעדעקט...

און אים, שמואל־יצחקן, האָבן די היימישע באַנדיטן געצוווּנגען צו שטאַרבן מיט אַזאַ חוזק-טויט, וואָס דער גאַנצער יריד איז גע־פאַלן פאַר געלעכטער. ער, דער גדלן, וועלכער איז ביי אַלע אומ־גליקן פונם שטעטל איבערגעזעסן ביי זיך אין זיין שיינער פריצישער שטוב—האָט אים, אויפן צווייטן טאָג פון דער גרויסער הריגה באַ־הערשט אַ פחד. מיטנעמענדיק דאָס געלט מיטן גאָלד און זילבער, איז ער

מיט חיהן אַנטלאָפן אויפן דאָרף צו אַן אָרעמען ערלעכן פויער, מיט וועלכן ער האָט יאָרנלאַנג געהאַנדלט און האָט אים גרויסע טובות געטון. אין דער מינוט, ווען ער האָט זיך דערשראָקן פאַרן טויט, האָט זיך אים געדאַכט, אַז דער בעסטער גוי אין דובאָווע איז דער אָרעמער און ערלעכער אָניסקאָ טשערנאָוואָל, און יענער האָט אים אַרויסגעגעבן די באַנדיטן גלייך ווי ער האָט אים אָפּגעגעבן צו די הענט זיין פאַרמעגן. די גרינע טויזנטער האָט ער נאָר זיך איבער-געלאָזן. מיט זיי האָט ער דערנאָך געוואָלט זיך אויסקויפן פון טויט, נאָר די היימישע גוים האָבן אונטערגעזאָגט די באַנדיטן, אַז ער, שמואל-יצחק, האָט זיי זייער ליב געהאַט און דעריבער האָט מען אים גענויט צו טאַנצן איבערן גאַס מיט די גרינע טויזנטער אין די הענט ביז צו זיין נאַסן לעבעדיקן קבר.

די דובאָווער שמידן האָבן אויך געזען, ווי אַזוי די באַנדיטן־זעלנער האָבן געטראָגן אויף אַ שפּיז די שיינע און יונגע שנור פון יוסף סאָלאָדאָווניק. זי איז געווען אַ גרויסע שיינהייט און איז אַלט געווען ניינצן יאָר. געבוירן און אויסגעוואַקסן ביי אָרעמע עלטערן אין גאלאוואניעווסק, האָט זי צו זעכצן יאָר געענדיקט די גימנאַזיע און צו אַכצן—איז זי געווען אַ פאַרמאַצעווטין. מיט זלמן סאָלאָדאָוו-ניק האָט זי חתונה געהאַט אויס ליבע מיט אַ האַלב יאָר צוריק און געווען איז עס אַ גליקלעך פאַרליבט פּאָרפאָלק.

אים האָט מען געהרגעט דעם ערשטן טאָג פון דער הריגה פאַר איר אין די אויגן. דערנאָך האָבן זיך די באַנדיטן גענומען צו איר. זיי האָבן זיך געשפּיגלט אין איר שיינקייט און דערביי האָבן זיי געריסן פון איר די קליידער, שלעפנדיק זי פון האַנט צו האַנט. נאָר זי האָט זיי אַלעמען באַרויקט. זי האָט צו זיי געשמייכלט און צערטלעך געגלעט איבער די קעפּ. אַלעמען האָט זי זיי גערופן אין דער פּערפומען־קלייט פון איר מאַן, וועט זי זיי אַלעמען שענקען שמעקנדיקע זייפן און אַליין וועט זי זיך אָפּגיסן מיט אָ־דע־קאָלאָן, דערנאָך וועט זי גיין מיט זיי אין „שטוב" אַריין.

די באַנדיטן האָבן זיך געלאָזט איינרעדן און זענען מיט איר אַוועק אין איר מאַנס פּערפומען-געשעפט און דאָרטן האָט זי זיך פאַר זיי אַלעמען אין די אויגן געסמט מיט קאַרבאָל. די באַנדיטן־יונגען זענען געוואָרן בייז, ווי די וועלף און האָבן זי אויף אַ שפּיז אַרויס־געטראַגן אין גאַס אַריין, נאָר זי איז שוין געווען טויט.

די שמידן זענען אויך געווען די שטומע עדות ביי דעם מאַר־טירער־טויט פונם דובאָווער זיבעציק־יאָריקן גמרא־מלמד פסח זבאָר־סקי.

ער, דער גרויסער למדן און שטילער ערלעכער ייד, פלעגט אין די הריגה־טעג פונם זומער תּרע״ט תּמיד זיצן ביי זיך אין שטיבל איבער אַ ספר. די אַלטיטשקע זיינע מיט די קינדער און איי־ניקלעך זענען געזעסן פאַרשטעקט אויפן בוידעם און ער האָט אין דער שטיל געהיט די שטוב, נאָר אַז ער פלעגט דערהערן די קולות פון די געפייניקטע צום טויט, האָט ער זיך געכאַפּט אויפן קול תּהילים זאָגן.

און גאָט האָט אַלע מאָל מיט אים חסד געטון, אויף זיין קליין איינגעהויקערט שטיבל האָט זיך קיינער נישט אומגעקוקט. נאָר ביי דער גרויסער הריגה איז זיין אָרעמע שטילע נעסט אויך צערויבט געוואָרן. געווען איז עס נאָך דעם ערשטן טאָג, און אויף מאָרגן, בעתן יריד, האָט זיך אַ צערייצטע שיכּורע מחנה ווידער צו אים אַריינגעריסן. באַלד האָבן זיי אַנטדעקט די באַהעלטעניש אויפן בוי־דעם. אַלעמען האָבן זיי אַראָפּגעשלעפּט אונטן. פאַר אים אין די אויגן האָט מען געטויט זיינע קינדער און אייניקלעך און ער האָט אַלץ תּהילים געזאָגט אויפן קול. דערנאָך האָט מען אים אַליין אַרויס־געשלעפּט אין גאַס, ווו ס׳האָט געווימלט דער יריד. מען האָט אים גלייך אָפּגעהאַקט די האַנט, אין וועלכער ער האָט דעם תּהילים גע־האַלטן. דער תּהילים איז אַראָפּגעפאַלן אויף דער ערד, נאָר דער ייד האָט זיך איינגעבויגן און האָט אים אויפגעהייבן מיט דער אַנדערער האַנט. דאַן האָט מען אים אויך די צווייטע אָפּגעהאַקט און דער אַל־טער גמרא־מלמד האָט נאָך אַלץ נישט אויפגעהערט צו טאָקן די פּסוקים אויפן קול. אַזוי האָט מען אונטער די פעסטע קלאַנגען פון זיין תּהילים־דעקלאַמאַציע געהאַקט פון אים איברים, ביז ער איז שטיל געוואָרן. דאַן האָבן די רוצחים געצווונגען זיין בלינדלעכע אַלטיטשקע, זי זאָל אָפּוואַשן פון די שווערדן דאָס בלוט פון איר מאַן און דער־נאָך האָט מען זי אַליין געהרגעט מיטן זעלבן קאַלטן געווער.

אַ גליקלעכער זון פון די שמידישע משפּחות אין דובאָווע האָט אויך ביי־געוווינט די לעצטע מינוטן פונם ציוניסטישן אינטעליגענט און כּלל־טוער גדליה קאָרעצקי.

ווען די באַנדיטן זענען באַפאַלן די באַ־אָרנטע שיינע פרוי

ווינע, צו שענדן זי ביי זיך אין שטוב, איז ער אַרויסגעלאָפן אויפן גאניק און האָט אָנגעהייבן צו שרייען אויף רוסיש: „איך בין אַ קאָמוניסט! זאָל לעבן לענין און טראָצקי!" דערביי האָט ער אָנגעהייבן צו זינגען די מארסעליעזע און, זינגענדיק, איז ער געפאַלן טויט לעבן זיין געשענדעטער פרוי מיט אַ צעשאָסענעם קאָפּ און איבערגעבראָכענע הענט און פיס.

פאַרביי די אָפענע טירן פון די יידישע שמידערייען האָט מען אויך געשלעפּט דעם לאַדיזשינקער בלעכער מיט זיין צוועלף־יאָריקן בן יחיד לעבעדיקערהייט אין קבר אַריין צו דער „גלינישטשע". געכאַפּט האָט מען זיי אין גאַס, ווען זיי האָבן זיך ביידע געהאַלטן ביי די הענט פאַרוווּנדעטע און פאַרשמאַכטע, בעטנדיק אַ ביסל וואַסער ביי די היימישע גוים.

פאַר זייערע אויגן האָט מען אויך געקעפּט דאָס יונגע ווייבל אסתּר דינשטיין, וועלכע איז געווען שוואַנגער. אין מיטן גאַס האָט זיך אין מיסט און אין שטויב געוואַלגערט דער שוואַרץ־פאַרקעמטער קאָפּ אירער מיט די קעמעלעך אונטער די אויערן און דערביי איז געלעגן דאָס עופעלע, וואָס מען האָט פון איר אויפגעהאַקטן בויך אַרויסגענומען און די באַנדיטן האָבן זיך איבערגעוואָרפן מיט דעם, ווי מיט אַ שפּיל־באַלאָן.

זייערע אויערן האָבן אויך פאַרנומען די חוזק־געלעכטערס פון די היימישע גוים, ווען דער בעל־עגלה שלמה טעפּליצקי האָט געפּאָדערט ביי די באַנדיטן אַ קויל פאַר זיך, און אַז זיי האָבן אים געהאַקט מיט די שווערדן, איז דער אַרומיקער פויערשער עולם געפאַלן פאַר געלעכטער, שיטנדיק זיך מיט ווערטלעך, למאי ער לאָזט זיך נישט שניידן.

די יידישע שמידן, האָבן אויך אַ טובה געטון שאול נאַכימאָוויטשן, ווען מען האָט אים געפירט אין די נאַסע גריבער אַריין. אינאיינעם מיט זיין דריי־יאָריק יינגעלע האָט ער געבעטן די טובה, מען זאָל אָנשאַרפן גוט דעם שווערד און די באַנדיטן האָבן אים צוליב געטון. דער יידישער שמיד האָט עס אָנגעשאַרפט און שאולס קאָפּ איז געפלויגן ביז צו די קוזשניעס, באַשפּריצנדיק די ווענט מיט אַ רעגן פון בלוט און דאָס דריי־יאָריקע קינד האָט מען לעבעדיקערהייט אַריינגעשליידערט אינם יידיש־קהלשן קבר.

און די דובאָווער שמידן האָבן געזען דעם חוזק־טויט פונם

באַיאָרנטן אַדוואָקאַט ניעסטראָווסקי מיטן ווייב, וועלכע מען האָט אַרויסגעשלעפּט פון אַ תּבואה-שפּייכלער, פאַרשטיינערטע פון פּחד מיטן טויף־צעטל אויפן האַלדז. ער האָט די באַנדיטן געוויזן די קמעה, וואָס דער ווילשענקער גלח האָט אים אָנגעטון. זיי האָבן עס צעריסן ביי די פּאַטשערייען און הוראַ־קולות פון די היימישע גוים. נאָר ווי אַזוי דאָס פּאָרפּאָלק ניעסטראָווסקי איז אומגעקומען, ווייס מען נישט, ווייל מען האָט זיי ביידן געהרגעט מיט אַזאַ שענדלעכן חוזק-טויט, וואָס מען קאָן עס מיט קיין מענטשלעכן לשון נישט דערציילן...

מיט דעם ענדיקן די דובאָווער שמידן זייער גבית־עדות וועגן דער גרויסער הריגה אין די טעג י, יא און דעם פּרימאָרגן יב מנחם אב תּרע״ט און ווייטער באַקומען מיר ווידער די געגנויע כּראָניק פונם דובאָווער פּראָלעטאַרישן קהלס־מאַן, משה שטעלמאַכער, וועלכער איז געשטאַנען אויף דער וואַך ביי דעם צעשטערטן יידישן שטעטל ביזן סוף.

# לה.

פרייטיק אינדערפרי, ווען משה שטעלמאַכער איז אַרויס פון קעלער, האָט ער זיך שוין געמוזט שטעלן אויף זיין קהלשן פּאָסטן.

נאָכדעם ווי ער איז מיט ווילדע קולות אַנטלאָפן אין גאַס אַריין און האָט זיך אָנגעשטויסן לעבן דעם רבס שטוב אויף די היימישע פּויערים־יונגען, וועלכע האָבן זיך געשלאָגן איבער די שיך מיטן רעקל פון מענדל בערדיטשעווסקי, איז אים שוין דימיטרי שאַבאָלינסקי אָנגעקומען אַנטקעגן מיט אַ פראַגע:

— וואָס טוט מען? די ווייבער מיט די קינדער זענע [illegible] געריק.

געווען איז עס נאָך פּאַר האַלבן טאָג, ווען איינציקע באַנדיטן-זעלנער האָבן זיך נאָך אַרומגעדרייט איבערן שטעטל. ביי דעמזעלבן דימיטרין אין שטוב האָט נאָך קאָזאַקאָוו מיט זיין „שטאַב״ געפּרישטיקט ביי וויס-געגרייטע טישן, ווו ס׳האָט געשפּילט מוזיק. די אַלע דריי הריגה־טעג איז ער זיין גאַסט געווען און ביי אים אין הויף

האָט מען געשחטן ייִדישע קי און ציגן, דעם אַטאַמאַנס טיש צו שפּייזן. די „ייִדישע כּפּרה", טאָליע שאַבאָלינסקי, האָט געהאַלטן אין איין כאַפּן ייִדישע עופות, געהאַקט פון זיי די קעפּ און געגעבן די ייִדישע ווייבער צו די הענט, זיי זאָלן קאָכן מיטאָג פאַר די „געסט", נאָר דערבײַ האָט זי זיי געטרייסט, אַז זיי וועלן שוין באַלד אַוועקגיין.

דאָס דאָרף איז נאָך אַלץ געווען יום־טובדיק. די היימישע באַנדיטן האָבן נאָך אַלץ געטראָגן זייערע איבערגעקערטע פּעלצן מיט די פאַרדרייטע היטלען, אונטערגעבונדן די בערד מיט די טשופּרינעס, מען זאָל זיי נישט דערקענען, און די שיקסעס, פאַרפּוצטע אין די זונטיק־לייבלעך מיט קרעלן און בענדער, האָבן שיכּורע געטאַנצט בײַ יעדן הויף, באַרימענדיק זיך מיט די רינגען און בראַסלעטן אויף די הענט. דאָרטן, אין די גויעשע גאַסן, האָט די מוזיק נישט אויפגעהערט צו שפּילן. מען האָט נאָך אַלץ געשיכּורט און געפרעסן בײַ געגריי־טע טישן פון כּל טוב, זינגענדיק און שפּילנדיק אויף באַלאַלייקעס און האַרמאָניקעס און אין שטעטל האָבן נאָך געשאַלט די גויעשע טמא־געלעכטערס איבער די לעבן-געבליבענע.

צו די ייִדישע ווייבער און קינדער בײַ שאַבאָלינסקין אין שפּייכלער זענען יעדעס מאָל אַריינגעקומען היימישע און פרעמדע באַנדיטן־יונגען מיט פראַגן: ווער איז אייער גאָט? לענין, אָדער טראָצקי? און איינער פון זיי האָט געפאָדערט, אַז די ייִדישע קליינע קינדער זאָלן אים קושן און אַז יענע האָבן זיך אין אימה געטוליעט צו די מוטערס, האָט ער געשריגן, אַז ער וועט זיי אַלעמען לעבע־דיקערהייט אַריינוואַרפן אין דער „גלינישטשע". די ווייבער מיט די דערשראָקענע קינדער אַרום זיך האָבן אים געבעטן און געקושט די הענט, ביז ער האָט זיך געלאָזט איינרעדן און האָט שטיל דעם שפּייכלער פאַרלאָזן. די דאָזיקע מענטשן־חיות זענען שוין געווען אי־בע[illegible]טיקט מיט הריגות און רציחות. מען האָט נאָך אַלץ געשלעפּט מיידלעך און ווייבלעך צום שענדן. פון די אויסגעשמירטע און פאַר־שטעלטע, אַלס אַלטע ווייבער, האָבן זיי געריסן די קויטיקע טשעפּי־קעס און טיכלעך פון די שוואַרצע און בלאָנדע קעפּ, נאָר די נפשות האָט מען שוין מער נישט ג[illegible]נומען. די היימישע און פרעמדע באַנ־דיטן זענען שוין מיד געווען פון רויב און בלוט. משה שטעלמאַכער האָט שוין זיכער געקענט טראַכטן עפּעס צו טון.

דאָס ערשטע האָט ער איבערגעציילט זיינע קינדער. זיי זענען אַלע זעקס אינאיינעם מיט חנניהן געזעסן ביי שאַבאָלינסקין אין שפּייכלער, צוגעטוליעט אין אַ ווינקל לעבן דער פאַרוויינטער מוטער. ס'האָט איר געפעלט דאָס זיבעטע קינד. געווען איז עס דווקא דאָס קליינע זעקס־יאָריקע ייִנגעלע, וועלכעס האָט זיך מיט דער מאַמען נישט געוואָלט צעשיידן. מיט געוואַלד האָט זי אים אָפּגעריסן פון זיך און האָט אים, אַ וויינענדיקן, אָפּגעשיקט מיטן עלטערן מיידל צו בעריסלאַווסקי דעם קירזשנער אין קעלער אַריין, ווייל זי האָט מורא געהאַט, אַז ביי איר זענען דאָ צופיל קינדער.

נאָר זי האָט די צוויי פייגעלעך אירע גוט באַוואָרנט. איר מאַנס קהלשע פאַרדינסטן זענען איר בייגעשטאַנען, אַז יאָסל דער קירזש־נער זאָל אַריינעמען די קינדער צו זיך אין „סעקרעט", ווייל אַ פעסטונג איז עס געווען. דעם גאַנצן זומער האָט ער מיט נאָך צוויי יידן, זיינע קרובים, געגראָבן אונטער דער ערד ביי זיך אין קעלער און מען האָט דאָרטן דאָס אמתע קונציקע באַהעלטעניש אויסגעבויט. געווען איז עס אַ קאַמער מיט אַלע באַקוועמלעכקייטן פאַר לעבעדיקע מענטשן. פון אויבן האָבן דורך געלעכערטע אומזעבאַרע שפּאַרעס אַריינגע־דרונגען פאַסן ליכט און לופט צום אָטעמען און דער אריינגאַנג איז געווען אַזוי קונציק פאַרמאַסקירט, אַז די באַלעבאַטים אַליין האָבן זיך געדאַרפט מאַכן סימנים, ווי אַזוי אַריינצוגיין אינעווייניק.

דער דאָזיקער „סעקרעט" האָט געשמט אין דובאָווע און אַ סך מענטשן האָבן זיך דאָרטן געוואָלט באַוואָרענען, ווען ס'וועט קומען די בייזע מינוט פון סכנות־נפשות. האָט מען זיך ביי בעריסלאַווסקין באַשטעלט פלעצער אין זיין קעלער, ווי בילעטן אויף אַ פאָרשטעלונג, וועלכע ווערט אַנאָנסירט באַצייטנס. נאָר נישט אַלע זענען געווען פון די גליקלעכע, ווייל דאָס דורכגעגראָבענע קעלער־שטיבל איז נישט איבעריק גרויס געווען. דערצו איז יאָסל דער קירזשנער אַליין געווען אַ גרויסער בעל-משפחה און האָט געוואָלט אַלע זיינע פריינט האָבן לעבן זיך. איבעראַל האָבן זיך דאַן אַלע אַזוי נוהג געווען. אין די גרויזאַמע מינוטן פון לעבנס־געפאַר און טויט-שרעקן פלעגט מען אָנ־ווענדן די לעצטע כוחות, אַז אַלע קרובים פון דער משפחה זאָלן זיך האַלטן אינאיינעם, כדי מען זאָל דעם לעצטן ווילן איבערגעבן איינס דאָס אַנדערע. ווער עס וועט לעבן בלייבן, זאָל וויסן וואָס צו טון מיטן איבערגעבליבענעם פאַרמעגן, אָדער פאַרזאָרגן אַן אלמנה מיט

יתומים, און אויב אַלע וועלן געהרגעט ווערן, זאָל מען איינאיינעם קו־מען צו קבר ישראל.

דאָס איז אויך געווען דער אידעאַל פונם מיושבדיקן און פאַר־מעגלעכן קירזשנער יוסף בעריסלאַווסקי. דעריבער האָט ער מיט זיינע קרובים אַזויפיל געאַרבעט און אַ גאַנצן זומער געגראָבן זיך אונטער דער ערד. ער האָט געוואָלט באַוואָרענען זיך מיט זיין געזינד און די גרויסע משפחה זיינע אויף לעבן און טויט.

נאָר ביי דער גרויסער הריגה אין דובאָווע איז קיין באַהעל־טעניש נישט געווען. זיין פאַרבאָרגענע קאַמער אונטערן וואַנט פון קעלער האָט מען אַנטדעקט דאָנערשטיק בייטאָג, ווען אַ קינד האָט דאָרטן אָנגעהייבן צו וויינען, און ווי אַזוי מען האָט דאָרטן געטויט ביין געזינדן, ווייס קיינער נישט, ווייל עדות זענען נאָר די שטומע ווענט, אָנגעזאַפטע מיט בלוט און מאַרך פון יידישע קעפּ. דאָס פערצנ־יאָריק מיידעלע פון משה שטעלמאַכער, וועלכע איז על פּי נס אַנט־לאָפן אין גאַס אַריין, געדענקט גאָרנישט צו דערציילן. זי האָט גלייך באַקומען אַ שרעקלעכן נערוון־אַטאַק און איז ערגעץ אומגעפאַלן אין אַ שטוב, וואָס איז געשטאַנען חרוב מיט אויסגעהאַקטע פענסטער און טירן. צווישן אויפגעריסענע קישנס און צעבראָכענע כּלים איז זי דאָרטן איבערגעלעגן די נאַכט און אינדערפרי האָט אַ גויע צופעליק דערהערט אירע היסטערישע קולות, האָט זי דאָס מיידל פאַר אַ האַנט געבראַכט צו שאַבאָלינסקין אין שפייכלער, און דאָס ברודערל איז געבליבן דאָרטן צווישן די ביינער און שאַרבנס פון בעריסלאַוו־סקיס משפחה, וועלכע די גוים האָבן דערנאָך אַריינגעשליידערט אין „גלינישטשע".

נאָר דאָס טויטע קינד זיינס האָט ביי משהן קיין איין טרער נישט אַרויסגערופן.

## לו.

ער איז צו דער צייט דורכאויס געווען פאַרנומען מיט די־

לעבעדיקע. גלייך האָט ער אַרויסגעשיקט שלוחים אין די אַרומיקע שטעטלעך נאָך הילף פאַר די דובאָווער אלמנות און יתומים. געפאָרן זענען צוויי געדונגענע רייטער פון די געציילטע פויערים-פאַמיליעס, וועלכע האָבן בעת דער הריגה אויסבאַהאַלטן ביי זיך יידן. דער העלד פון די דאָזיקע גויעשע צדיקים און חסידים אין דובאָווע איז געווען דער פויער סעניאַ רינגאַטש.ביידע מיטן ווייב האָבן זיי סי־מולירט באַנדיטן, מען זאָל זיי נישט חושד זיין אין קיין יידן-פריינט־שאַפט און אזוי אַרום האָבן זיי געראַטעוועט פיל פרויען און קינדער.

און פרייטיק פאַרנאַכט, ווען קאָזאַקאָוו מיט זיין „שטאַב" האָבן זיך מיט געזאַנג און מוזיק געררירט אין וועג אַריין, אין דער באַגליי־טונג פון דער באַגייסטערטער פויערים-יוגנט, אין די גויעשע גאַסן, האָט דימיטרי שאַבאָלינסקי געזאָטלט אַ פערד צום רייטן קיין אומאַן מיט אַ בריוו פון משה שטעלמאַכער צו דעם אומאַנער ראַבינער נאָך הילף פאַר די הונגעריקע ווייבער און קינדער פון דובאָווע.

ער, דער שוסטער דימיטרי, האָט געררייזט איבער דער וועלט, געווען אַ שטאָטיש־געשליפענער מענטש און אין די ערשטע טעג פון דער רעוואָלוציע איז ער אויך געווען אַ פריידענקער—האָט ער פאַר־שטאַנען ווי אַזוי צו באַוואָרענען זיך מיט ביידע צדדים אין דער גרויזאַמער צייט פון בירגער־קריג. אין די הריגה-טעג און הריגה־נעכט, ווען די אַרומיקע פויערשע באַפעלקערונג האָט געהאָלפן קאָזאַ־קאָווס חילות אויסשחטן דאָס יידישע שטעטל, איז קאָזאַקאָוו געווען זיין גאַסט אינאיינעם מיטן „שטאַב". און געשפּייזט האָט ער אים ביי זיך אין שטוב מיט כל טוב, וואָס זיינע „זעלנער" האָבן געבראַכט פון יידישע הייזער און קלייטן.

און דערנאָך, ווען די דובאָווער עדה יידן איז שוין געלעגן אין „גלינישטשע" און די שטיינערנע הערצער פון די גויעשע מאַ־מעס האָבן שוין אָנגעהייבן צו ציטערן פאַר יידישע עופעלעך, האָט ער פאָרגעלייגט, מען זאָל קלינגען אין קלויסטער און בעטן מער נישט צו הרגענען קיין פרויען און קינדער, פאַר וועלכע ער גיט זיין הויז אַלס מקום מקלט. גלייך האָט ער אויף זיינע פענסטער און טירן געצייכנט רויטע צלמים. פאַר די היימישע באַנ־דיטן זאָל עס הייסן אַ נייטראַלע רעטונגס־אַנשטאַלט פונם רויטן קרייץ, און וועט זיך אַריינכאַפּן אין שטעטל אַ שטרענגע חברה פונם רויטן שטראָף-מיליטער, וועלן שויז אים די יידישע אלמנות און יתומים

שיצן ווי אַ מלאך הגואל, וואָס האָט זיי פון מערדערישע הענט דאָס לעבן געראַטעוועט.

אַלס אַזעלכער איז ער אויך געקומען צו די פאָרשטייער פון דער יידישער קהילה אין אומאַן מיט משה שטעלמאַכערס בריוו אין די הענט.

נאָר די אומאַנער יידן האָבן דאַן ווייניק געקאָנט באַהילפיק זיין די אלמנות און יתומים פון דובאָווע, ווייל זייערע אייגענע קעפּ זענען אַלע פיר און צוואָנציק שעה אין מעת לעת געלעגן אונטערן שווערד. פון אַלע זייטן איז די שטאָט געווען באַלאַגערט מיט באַנדיטן־מחנות און געקעמפט האָבן מיט זיי עטלעכע הונדערט יידישע יונגעלייט, באַוואָפנטע מיט אַלטע הייזעריקע בערדיאַנקעס. געווען זענען עס דיזעלבע יידישע יונגעלייט, וועלכע האָבן זיך פריער אויסבאַהאַלטן פון דער מאָביליזאַציע אין דער רויטער אַרמיי, און נאָך דער „שטילער" הריגה אין אומאַן האָבן זיי באַשלאָסן, בעסער צו שטאַרבן אין קאַמף מיטן שונא, אַלס באָלשעוויקעס, איידער לאָזן זיך אויסשחטן, ווי די שאָף אין דער שטיל אויף די בוידעמער.

דאָך איז שאַבאַלינסקי פון אומאַן נישט אַוועקגעפאָרן מיט ליידיקע הענט. ער האָט די אומאַנער יידישע כלל-טוער איבערגעגעבן אַ ביסל יידישע כראָניק פון דובאָווע און יענע זענען פאַרציטערט געוואָרן. מען האָט אָפּגעריסן אַ ביסן ברויט פון די אייגענע אלמנות און יתומים, וועלכע האָבן זיך געוואַלגערט פאַרשמאַכטע אין די גאַסן און דימיטרי האָט געבראַכט משה שטעלמאַכערן צען טויזנט רובל קערענקעס.

געווען איז עס שוין שבת אינדערפרי. די זעקס און צוואָנציק יידישע מענער, וואָס זענען לעבן געבליבן אין שטעטל, זענען נאָך געלעגן באַהאַלטן אויף די בוידעמער, ווייל ביינאַכט איז ווידער געוואָרן אַ מהומה. דורך דובאָווע האָט זיך געלאָזט גיין דאָס מיליטער פון פעטליורעס אַטאַמאַן פּאַוולאָוו. זיי האָבן אַפילו שטרענג באַפוילן, אַז יידן זאָלן זיך נישט באַהאַלטן, און ווער עס וועט וואַגן אַזוינס צו טון, וועט שטרענג באַשטראָפט ווערן, ווייל ס׳איז אַ באַליידיקונג פאַרן אוקראַינער מיליטער, די פרידלעכע איינוווינער זאָלן צו דעם קיין צוטרוי נישט האָבן. דאָך האָט מען זיך פון דימיטריס הויף מורא געהאַט אַרויסצוווייזן.

און משה שטעלמאַכער האָט זיך אַרומגעדרייט אין גאַס,

נזקוקנדיק ווי אַזוי די היימישע גוים פירן נאָך אַלץ די יידישע הרוגים אונטערן באַרג אין „גלינישטשע״ אַריין. זיי האָבן אויך שבת אינדערפרי אַרויסגעשלעפּט פון וואַסער די דערטרונקענע עטל אָלשאַ־ניצקי און אייזיק טשערנאָוו, וועלכע זענען פון די רוצחים־הענט אַנטלאָפן אין טייך אַריין. דערנאָך האָט עטלס מיידל געיאָמערט אין גאַס און געבעטן רחמים, אַז יידן זאָלן איר מאַמען מקבר זיין—קיין הינט זאָלן זי נישט אַרומשלעפּן. נאָר קיינער האָט זיך נישט געוואָלט איינשטעלן צו גיין אויפן בית־עולם. אפילו די שמידן מיט זייערע ווייבער און קינדער האָבן מורא געהאַט אַרויסצווייזן זיך אויף יע־נער זייט טיר. זיי זענען שוין איצט אויך אַלע געזעסן ביי שאַבאַ־לינסקין אין שפּייכלער. פרייטיק-צונאַכט, ווען עס האָט אָנגעהייבן פינסטער צו ווערן, איז מיטאַמאָל אויף זיי אָנגעפאַלן אַ פּחד פאַר דער „גלינישטשע״, וועלכע געפינט זיך אונטער די פאַרקאַנעס פון זייערע הויפן און זיי האָבן פאַרלאָזן זייערע גאַנצע איינגעפונדעוועטע הייזער און זענען מיט ווייב און קינד אַנטלאָפן צו די אַלמנות און יתומים אין דעם פינסטערן קאַמער ביי דימיטרין אין הויף.

דאָרטן איז געווען ענג און הייס. אַ סך קינדער זענען קראַנק געוואָרן אויף דיזענטעריע, ווייל מען האָט זיי דריי טעג נאָכאַנאַנד געגעבן צו עסן אין פעלד טרוקענע ברויט-קערנער, וואָס מען האָט אַרויסגעשיילט פון די זאַנגען. די צוויי עופעלעך-יתומים האָט מען פאַר קיין אופן נישט געקאָנט איינשטילן, געווען איז עס שרה נימעראָווסקיס פּיצעלע קינד, צוליב וועלכן ס׳איז געשען דער נס, וואָס מען האָט אויפגעהערט צו הרגענען פרויען און קינדער און דאָס צווייטע איז געווען אַן ערשטלינג פון אַ יונג געממיתטע פאָרפאָלק. מען האָט עס אויך לעבעדיקערהייט געטראָגן צו דער „גלינישטשע״, און די נייגעריקע גויעס, וואָס זענען געשטאַנען דערביי, האָבן דע־רויף רחמנות געהאַט און האָבן עס צוריק אַוועקגעטראָגן אין שטעטל אַריין. די דאָזיקע צוויי פּיצעלעך קינדער האָבן אַלע ווייבער געוויגט און געצערטלט, נאָר קיין איין יידישע זויגערין האָט זיי קיין טראָפּן מילך נישט געהאַט צו געבן. אַלע זענען זיי געווען איינגעשרומפּן און פון שרעק איז זיי די מילך פאַרפאַלן געוואָרן. די גויעס האָבן נאָך איצט מיט זיי חסד געטון. ווי די נאַכט איז צוגעפאַלן, האָבן איניקע באַלעבאָסטעס פון די גויעשע גאַסן געבראַכט שטיקלעך ברויט

צו דימיטרין אין שפייכלער און שפּלעך מיט פרישע מילך פאַר די קינדער.

נאָך שבת אינדערפרי זענען זיי ווידער אַלע געזעסן פאַרשמאַכ־טע, און דימיטרי מיט די צען טויזנט רובל פון אומאַן איז ממש גע־ווען, ווי אַ מלאך פון הימל.

אין דעמזעלבן טאָג איז אויך אָנגעקומען הילף פון טאַרגאָוויצע און דעם נאָענטן שטעטל פּאָקאָטילאָוו. יידן האָבן זיך איינגעשטעלט דאָס לעבן און האָבן מיט גרויס סכנות נפשות געבראַכט צוויי פורן ברויט פאַר די דובאָווער אלמנות מיט די יתומים און זונטיק האָבן יידן פון טאַלנע געבראַכט ברויט און אַ זאַק הירזש מיט אַ ביסל צו־קער. און אין דעם זאַק הירזש זענען געווען באַהאַלטן צוויי טויזנט רובל געלט.

אויך האָבן די טאַלנער שלוחים איבערגעגעבן משה שטעלמאַ־כערן, אַז נאָך צען באַלעבאַטים פון זייער שטעטל ווילן זיך איינ־שטעלן דאָס לעבן צו פירן מיטן וועג, ווו עס לויערן באַנדיטן אויף יידישע פאָרער און גייער. צען טאַלנער יידן ווילן קומען מיט ליי־לעכער און טליתים כאָטש פאַרן רב מיטן זון און די אַלטע לייט, וואָס ליגן אין די גריבער, און זיי וועלן העלפן אַרויסצונעמען די הרוגים פון דער „גלינישטשע“ און ברענגען זיי צו קבר ישראל.

משה האָט עס אויסגעהערט און איז גלייך אַוועק צו דעם ניי־עם פאַרוואַלטער פון דער מיליציע, געבן אים צו וויסן, אַז לויטן יידישן דין מוז מען די געהרגעטע אַרויסנעמען פון די גריבער און איבערפירן זיי אויפן בית־עולם, ווו מען וועט זיי מקבר זיין.

נאָר יענער איז געוואָרן אין כעס און האָט אים געענטפערט שטרענג:

— מאָשקע, איך ראַט דיר נישט, דו זאָלסט זיך נעמען דערצו. דאַנק גאָט, וואָס דו ביזט אַליין לעבן געבליבן, און איצט היט זיך. דאָס דאַרף וועט דיך צערייסן אויף שטיקער. אין אַזאַ היץ ווילסטו אַרויסרופן אַ מגפה? ווילסט נקמה, מאָשקע? היט זיך. דיך האָט מען לעבן געלאָזט...

נאָר משה האָט אים אויך געענטפערט זייער ערנסט:

— איך? אַזאַ קליין מענטשל קאָן נקמה נעמען פאַר אַ גאַנצער שטאָט געהרגעטע? דו לאַכסט פון מיר!

ביי די דאָזיקע ווערטער איז יענער ווייכער געוואָרן.

— אַזוי, מאָשקע, מענטשן זענען זינדיק, גאָט מוז זיי מוחל זײַן. נאָר צו דיר האָט קיינער גאָרנישט.

משה שטעלמאַכער האָט ווייטער מיט אים נישט געקאָנט רעדן. ער האָט אַראָפּגעשלונגען די טרער, וואָס האָט אים אין האַלדז געשטיקט און איז אַוועק צו די טאַלנער שלוחים מיט אַ קלאָרער תּשובה, אַז די דובאָווער יידן קאָנען נישט קומען צו קבר ישראל, ווייל די גוים האָבן מורא פאַר אַ מגפה. און ווען די אלמנות האָבן אָנגעהייבן שטאַרק צו וויינען, האָט ער צוגעגעבן פון זיך, אַז די „גלינישטשע" איז אַ תּהום, וואָס אַלץ זינקט אין דער טיפעניש און מען קאָן פּשוט די הרוגים פון דאָרטן נישט אַרויסנעמען. אין דער מינוט האָט בײַ אים אויפגעבליצט אַ געדאַנק, אַז אַלץ איז שוין געענדיקט. דער יידישער ישוב אין דובאָווע איז שוין אינגאַנצן אָפּגעמעקט פון דער ערד, און ער מוז ערגעץ אַנטלויפן מיט ווייב און קינד זוכן זיך אַ נייע היים.

און דאַן האָט ער זיך געלאָזט ראַטעווען די דריי און צוואָנציק ספרי־תּורות, וואָס זענען נאָך גאַנץ געבליבן אין די דובאָווער שולן. דער בית־המדרש האָט שוין קיין איין שויב נישט געהאַט און די קלויז איז געשטאַנען מיט צעפּראַלטע אויפגעבראָכענע טירן. אויבן, אין דער ווייבערשער שול, האָט מען אין דער ערשטער הריגה־נאַכט געממיתט זעכצן מענטשן און די ווייסע ווענט זענען געווען רויט באַשפּריצט, ווי זיי וואָלטן אונטער אַ רעגן פון בלוט געשטאַנען. משה און זיין זון חנניה מיט נאָך צוויי יונגעלייט פון די טאַלנער שלוחים האָבן געשפּאַנט איבער די שמות פון צעריסענע ספרים און טייכלעך פאַרטריקנט בלוט, ווי פון געקוילעטע אָקסן. באַפלעקט מיט בלוט זענען אויך געווען די רייניקייטן מיט די אַרונטערגעריסענע מענטעלעך און אָפּגעריסענע זילבערנע „ידן".

אַלע דריי און צוואָנציק ספרי־תּורות האָט מען פאַרפּאַקט אין קאַסטנס און אָפּגעשיקט מיט די שלוחים קיין טאַלנע, און דעם זילבערנעם „ציץ", וואָס מען האָט געפונען אונטערן באַלעמער, האָבן די טאַלנער יידן מורא געהאַט צו פירן מיט זיך. האָט עס משה איינגעוויקלט אין אַ צעריסענעם טלית און האָט עס באַגראָבן אויפן שולהויף, ביז מען וועט עס קאָנען אַרויספירן אין אַ מקום־קדוש פון אַ לעבעדיקן יידישן ישוב.

## לז.

נאָר דער כּוס פון פּיין איז נאָך ביי די דובאָווער יידן נישט פול געווען. זיי האָבן נאָך אַ סך געהאַט איבערצולעבן, ביז זיי האָבן געקאָנט דאָס טויטע שטעטל פאַרלאָזן.

זונטיק, ווען די טאַלנער יידן זענען אָפּגעפאָרן מיט די ספרי-תורות פון די דובאָווער שולן, האָבן די יידישע אלמנות און יתומים ווידעראַמאָל איבערגעלעבט טויט־שרעק. פאַרביי איז דורכגעגאַנגען פעטליורעס אַטאַמאַן זעליאָני מיט עטלעכע הונדערט רייטער און פוס-גייער, אָנגעטון אין בלויע שאַראַוואַרעס און קוטאַסן, מיט אוקראַינער געל־בלויע פאָנען. די עטלעכע מענער זענען זיך באַלד צעלאָפן אין די באַהעלטענישן און די פרויען מיט די קינדער האָבן פאַרשפּאַרט די טירן פון שאַבאַלינסקיס שפּייכלער און זענען געזעסן צונויפגע-פּרעסט אין דער פינסטער, מורא האָבנדיק צו אָטעמען. נאָר ז׳אָס אוקראַינער מיליטער פון פעטליורעס אַטאַמאַן זעליאָני, וועלכע האָבן אינם שטעטל איוואַנקי געצווונגען יידן צו עסן דאָס גלאָז פון זייע-רע אויסגעהאַקטע שויבן, זענען אין דובאָווע זייער הויכמוטיק געווען צו דער יידישער באַפעלקערונג. דאָס חרובע שטעטל מיט די בלוט-געפאַרבטע ווענט און אָפּגעריסענע מענטשן-גלידער, וועלכע האָבן זיך געוואַלגערט אין די גאַסן, איז געווען אַזוי גרויזאַם, אַז אויף די „זעלנער״ פונם אַטאַמאַן זעליאָני האָט עס געמאַכט אַ רושם

זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט לעבן שאַבאָלינסקיס הויז מיט די רויטע קרייצן אויף די פענסטער און טירן און האָבן געפרעגט, פאַר-וואָס מען האַלט פאַרשפּאַרט די יידישע אלמנות און יתומים? בהמות און ווילדע חיות גיט מען דאָך אויך לופט צו אָטעמען. דאַן האָט דימיטרי געעפנט דעם שפּייכלער און האָט געזאָגט די יידישע פרויען און קינדער, אַז זיי האָבן זיך נישט וואָס צו שרעקן: ס׳גייט דיסציפּ-לינירט מיליטער, וועלכע שטעלן איין אומעטום די פעסטע פאָלקס־מאַכט פון דער אוקראַינער רעפּובליק. דער אַטאַמאַן האָט באַפוילן, אַז די מוטערס מיט די קינדער זאָלן אַרויס אין גאַס אָנקוקן די אמתע אוקראַינער סאָלדאַטן.

די יינגלעך האָבן זיך געלאָזט לויפן די ערשטע, ווי פון אַ

שטייג אַרויס און נאָך זיי די פּאַרציטערטע מאַמעס. נאָר די מענער האָבן זיך נאָך מורא געהאַט אַרויסצוווייזן, און אַזוי האָבן זיי אויף די בוידעמער איבערגענעכטיקט די נאַכט, ווייל אַוועקגייענדיק, האָט דאָס אוקראַינער דיסציפּלינירטע מיליטער פונם פּעטליורע־אַטאַמאַן זע־ליאָני אָפּגעשאָטן די דאָרפישע גאַסן מיט פראָקלאָמאַציעס: „שלאָג יידן און ראטעווע אוקראַינע!"

געוועזן איז עס זונטיק פאַרנאַכט. אויף מאָרגן, אַרום האַלבן טאָג, איז ווידער געקומען פון טאַלנע אַ פור מיט ברויט. דער שליח האָט געבראַכט אַ קבלה פונם טאַלנער ראַבינער אויף די דריי און צוואָנ־ציק ספרי־תורות פון דובאָווע. אויך האָט ער געשריבן, מען זאָל דינ־גען אויף זיין חשבון צוויי גויעשע פורן און שיקן צו אים אין שטעטל פופציק יתומים. טאַלנער יידן נעמען זיך אונטער זיי צו שפייזן, שוכן און קליידן און געבן לערנען, ווי אייגענע קינדער.

די יתומים, איבערהויפּט די יינגלעך, האָבן זיך שטאַרק דער־פרייט מיט דער דאָזיקער נסיעה. משה שטעלמאַכער האָט געדונגען פאַר זיבן טויזנט רובל אוקראַינער געלט צוויי פויערשע פורן, און ווער פון די קינדער ס'איז געווען געשיקטער, האָט זיך אויף זיי אַרויפגעכאַפּט. באַזעצט איינס אויף דאָס אַנדערע, זענען די רעשיק־צעפרידענע יתומים פון דובאָווע אָפּגעפאָרן קיין טאַלנע.

נאָר פאַרנאַכט זענען זיי אַלע געקומען צוריק אין שטעטל אַריין, דערשראָקענע און פאַרוויינטע. דורכפאָרנדיק דאָס דאָרף מאַ־דאַנאָווסק, אַכט וויאָרסט פון טאַלנע, איז זיי אָנגעקומען אַנטקעגן אַ רייטער און האָט זיי געזאָגט, אַז טאַלנע זענען באַפאַלן באַנדיטן, וועלכע רויבן דאָרטן און הרגענען. די קינדער האָבן אָנגעהייבן שטאַרק צו וויינען און בעטן זיך ביי די פורמאַנעס, מען זאָל זיי פירן צוריק קיין דובאָווע. די גוים האָבן אויף זיי רחמנות געהאַט און געבראַכט זיי צוריק אַהיים, נאָר ביי משה שטעלמאַכערן האָבן זיי געמאָנט זייערע זיבן טויזנט רובל פור־געלט.

משה איז געווען פאַרצווייפלט. ער האָט זיי געוויזן דאָס קוויטל פונם טאַלנער ראַבינער, אַז קהל וועט באַצאָלן פאַר די פורן, געבעטן אויסצוואַרטן, ביז עס וועט זיין פון דאָרטן אַ ידיעה, נאָר יענע האָבן געדראָט מיט די היימישע באַנדיטן־יונגען, וועלכע וועלן זיך מיט אים אָפּרעכענען דערפאַר. משה האָט דערזען, אַז ס'איז שלעכט,

האָט ער זיך געווענדט צו ברישקאָן, אַז יענער זאָל באַרויקן די צוויי פּורמאַנעס, ביז ער וועט קאָנען באַצאָלן פאַר די פורן.

און מאַרקעלאָ איז געווען אויף אַזויפיל גרויסמוטיק, אַז ער האָט ערליידיקט דעם ענין לטובת משה שטעלמאַכער. ער האָט באַפוילן, אַז די צוויי פויערים זאָלן אויסוואַרטן ביז ער וועט האָבן קהלש געלט צו באַצאָלן דעם חוב.

אין די דאָזיקע טעג, נאָך דער גרויסער הריגה, האָט ער ווידער גענומען אונטער זיין שוץ דאָס שטעטל. די נאַציאָנאַלע קאָמיטעטן פון די אוקראַינער פּאַרטיזאַנען האָבן זיך שוין דאַן געהאַט אונטער-געוואָרפן דער קיעווער דירעקטאָריע, און ברישקאָ איז אַרויסגעפּאָדערט געוואָרן פון צענטער, צו דערפילן זיינע פליכטן, אַלס קאָמענ-דאַנט און שיצן די פרידלעכע באַפעלקערונג. אויך איז פייגע-וויטעלע שוין געווען אַ געשיקטע רייטערין און ער האָט געקאָנט אָנווענדן צייט צו היטן די אָרדענונג אין דובאָווע, און דעריבער האָט ער משה שטעלמאַכערן און נאָך צוויי יידישע יונגעלייט געגעבן עטלעכע פון זיינע זעלנער, אַלס געהילפן, מען זאָל אָפּרוימען די מענטשלעכע ביינער און שאַרבנס פון די גאַסן.

# לח.

דער ענערגישער קהלס-מאַן פון די דובאָווער שמאָלע געסלעך האָט שוין מער נישט געהאַט צו טון, ווי אָפּגעבן זיך מיט קבורה. גאַנצע טעג האָט ער געבלאָנדזשעט מיט זיינע מיטהעלפער איבערן שטעטל, קלויבנדיק פונם גאַסן-מיסט און שטויב אין זעק אַריין אָפּ-געהאַקטע הענט און פיס, אויערן, נעז און קעפּ אין היטלען, אין צעפּ און אין קעמעלעך. און אינעווייניק, אין די הייזער, האָט ער געפונען קערפּער-טיילן און איינציקע גלידער פון מענטשן פּשוט אויף בענק און טישן, אין די בעטן, צווישן פּעדערן און צעריסענע שמאַ-טעס, און אין די כּלים צום קאָכן און וואַשן.

אויך האָט ער געהאַט אַן אַרבעט צו פאַרשיטן דעם איינגעפאַ-לענעם קעלער אין מיטן מאַרק, ווו מען האָט אַריינגעוואָרפן אַכט

מענטשן אינאײנעם מיט די קאָרעצקיס. אַ שטראַל פון דער זון האָט זיך אײנמאָל פֿאַרגנבֿעט צװישן די חורבות פֿונם קעלער און מען האָט דערזען אַ האַנט, אָנגעטון אין גישע קאָרעצקיס אַ קאַפּטעלע. משה האָט דאַן צונױפֿגערופֿן אַ מנין ײדן און מען האָט דעם קעלער פֿאַרשאָטן. מיט אַ מנין ײדן האָט מען אױך מקבר געװען אױפֿן בית־עולם די זעק מיט די צונױפֿגעקליבענע קעפּ און בײנער פֿון די גאַסן און מיט אַ מנין ײדן האָט מען אױך טאָג־טעגלעך געמוזט גײן צו דער „גלינישטשע". צװישן די נבֿלות פֿון פֿערד און בהמות, װאָס די דובאָװער פּױערים פֿלעגן אַהין װאַרפֿן, האָט מען כּסדר געפֿונען הרוגים מיט בולטע סימנים פֿון באַקאַנטע מענטשן.

אַזױ איז משה שטעלמאַכער גאַנצע טעג געװען פֿאַרנומען מיט כּלל־אַרבעט אַרום דער טױטער עדה ײדן. פֿלעגט נאָר צופֿאַלן די נאַכט, האָט ער זיך פֿאַרוקט אין אַ װינקל בײ שאַבאָלינסקין אין שפּײכלער, לעבן זײנע שלאָפֿנדיקע קינדער און האָט זיך אײנגעהערט צו די װײַבערשע מעשׂיות און נסים, װי אַזױ יעדער פֿון זײ איז נצול געװאָרן פֿונם טױט. זײן װײַבל האָט נאָך אַלץ באַװײנט איר קלײן קינד, װעלבעס האָט זיך מיט איר נישט געװאָלט צעשײדן און זי אַלײן האָט עס מיט געװאַלד פֿון זיך אָפּגעריסן אױס מורא, אַז בײ איר זענען צופּיל קינדער. האָט נאָר אָנגעהײבן פֿינסטער צו װערן, פֿלעגט זי צוגלײך מיט די איבעריקע װײַבער מורא האָבן צו געבן אַ טריט אױף יענער זײט טיר. אַ פּחד איז אױך געװען אױף די קינדער. זײ פֿלעגן שרעקן אײנס דאָס אַנדערע מיט דער „גלינישטשע" און מיט די פּוסטע שולן, װוּ די הרוגים דאַװנען בײנאַכט, און דעריבער האָבן זײ, די יתומים, מורא געהאַט צו גײן אין פֿרימאָרגן אַהין קדיש זאָגן נאָך די געהרגעטע טאַטע און מאַמע.

פֿון דער צעבראָכענער קלױז האָט אױך אַרױסגעזונגען די משוגענע מינדל פּאַסטערנאַק. זי האָט בײ דער גרױסער הריגה אױך געטאַנצט אין מיטן מאַרק, און דער גױעשער יריד האָט זיך אַמוזירט מיט אירע טענץ, צושפּילנדיק איר אױף די האַרמאָניקעס. מען פֿלעגט זי אױך זען טאַנצן לעבן דער „גלינישטשע". מיט איר האָט אױך געפּלעסקעט אַ פֿרעמד משוגע װײַבל מיט אַ קינד לעבן זיך, װאָס איז פֿון ערגעץ אַנטלאָפֿן און האָט פֿאַרבלאָנדזשעט קײן דובאָװע. דאָס קינד, האָט מען געזאָגט, איז נישט אירס. נאָכדעם, װי מען האָט אירע קינדער געהרגעט, האָט זי עס אַרױסגעגנבֿעט אין אומאַן פֿון אַ

בית-יתומים. בייטאָג פלעגן זיך די ביידע משוגענע ווייבער מיטן קינד אַרומשלעפּן אין די גויעשע גאַסן. זיי פלעגן זיך דערנערן מיט די שטיקלעך ברויט, וואָס די גויעס האָבן זיי צוגעטיילט פאַר רחמנות, און ביינאַכט זענען זיי געזעסן ערגעץ אין אַ יידישער חורבה און פלעגן לוסטיק מאַכן די אַרומיקע גויעשע שכנים מיט זייערע יידישע און אוקראַינישע לידער.

געזונגען האָבן אין די שטילע זומער־אָוונטן אויך די גליקלעכע שמידן פון דובאָווע, וועלכע פלעגן מורא האָבן צו נעכטיקן אין זייערע גאַנצע הייזער. אויפן דאָרף פלעגן זיי שיכורן אינאיינעם מיט די גוים אין גויעשע שענקען, זינגענדיק גויעשע ניגונים.

אין די אוקראַינער פאַרכישופטע לבנה־נעכט מיט זייער דופטיקן אָטעם פון די צייטיקע סעדער און גערטנער האָט אויך געזונגען שקאָדניקס אייניקל, די צאַרטע און וואונדער־שיינע עטעלע. אין די טעג פון דער הריגה האָבן די באַנדיטן איר טאַטן און מאַמען מיט די קלענערע קינדער זייערע אַרויסגעשלעפּט פון דער באַהעלטעניש ביי ברישקאָס עלטערן אין הויף. ער, בערל דער חזן, איז מיט ווייב און קינד, אין דער מינוט פון אַ סכנה, אַנטלאָפן צו די גויעשע מחותנים זיינע. און זיי, די מחותנים מיט די אַרומיקע שכנים זייערע, האָבן געבעטן פאַר בערל דעם חזן מיט זיין געזינד ביים אַטאַמאַן אַליין, פאַרופנדיק זיך אויפן יחוס פון פייגע-וויטעלען און קאָזאַקאָוו האָט ברישקאָס שווער און שוויגער געשענקט דאָס לעבן, כאָטש ער איז געווען זיין שונא אויפן שלאַכטפעלד.

עטעלען האָבן אויסבאַהאַלטן ביי זיך אירע קריסטלעכע גוטע פריינט, דער געוועזענער פריסטאַוו יאַנאָוויטש מיטן ווייב. נאָך דער הריגה האָט זי זיך אין דער שיינער פּוסטער שטוב פונם זיידן צוריק נישט אומגעקערט. מיט דער עגאָיסטישער און גליקלעך־פאַרליבטער שוועסטער איז זי געווען פון וויטן, ווייל זי אַליין איז געווען אַזוי אומגליקלעך. עטעלע איז נאָך אַלץ געווען פאַרליבט אינם שטילן פאַרחלומטן אַנדריושען, וועלכער איז אין די גרויסע הריגה-טעג געזעסן מיטן בוך אין האַנט ביי זיין טאַטן אויפן גאַניק, אונטער די אַלטע שמעקעדיקע ליפּע־ביימער און האָט זיך איינגעהערט צו די יאָמער-קולות און גסיסה-ווייען פון די געפייניקטע צום טויט. די לעצטע צייט האָט ער דעם טאַטן צוליב געטון און האָט זיך אויפגעהערט מיט איר צו באַגעגענען, איז עטעלע פאַרבליבן ביי די יאַנאָוויטשעס.

דאָרטן פלעגט זי שיכּורן און זינגען דורך די נעכט אינאײנעם מיטן גלחס זין, די רויב־סטודענטן און דעם פעלדשער דעוויאַטקין, וועל־כער פלעגט קונציק נאָכמאַכן די פאַרוואונדעטע יידישע ווייבער, ווי אַזוי זיי וויינען אין שפּיטאָל, ווען ער טרייסט זיי, אַז זיי וועלן באַלד שטאַרבן.

# לט.

און משה שטעלמאַכער האָט אַלץ געטראַכט, ווי אַזוי פונם טויטן שטעטל צו אַנטלויפן. ניִשט אָפּגעלאָזן פון אויג האָבן אים די עטלעכע איבערגעבליבענע באַלעבאַטים און דאָס ביסל אלמנות מיט די יתומים. אַלע האָבן זיי זיך גענומען צו פאַרקויפן די הייזער, נאָר נישט יעדעס הויז האָבן די גוים געוואָלט קויפן. אַ סך יידישע גע־ביידעס זענען שוין געווען חרוב. אויף קיין אַלטע און קליינע שטיב־לעך זענען זיי בכלל קיין בעלנים נישט געווען. געקויפט האָבן זיי נאָר די נייע און גאַנצע בנינים און דורכאויס בחצי־חינם, ווייל ס׳איז זיי קיין נויט נישט געווען. דערצו האָבן זיי געזען, אַז סיי ווי ועט אַלץ בלייבן אין זייער רשות. און אויב זיי האָבן דאָך געצאָלט געלט פאַר די יידישע הייזער, פאָדערנדיק אָפּיציעלע קאָנטראַקטן מיט קהלשע חתימות פאַר די מינדעריעריקע יתומים, איז עס נאָר געווען אויס מורא פאַר אַנדערע צייטן, ווען ס׳וועלן זיך צוריק איבערקערן די פעלצן און ס׳וועלן אָנלויפן די רויטע מיט זייער שטראָף־מי־ליטער.

נאָר אַרויסצופאָרן פונם שטעטל איז אַלץ נישט געווען קיין מעגלעכקייט. אַלע וועגן, וועלכע פירן אין די גרעסערע יידישע שטעט, זענען געווען באַוואַכט מיט באַנדיטן. עטלעכע מאָל האָבן זיך די דובאָווער ווייבער מיט די קינדער געפּרוווט לאָזן אין וועג אַריין מיטן באַלעבטן אומאַנער טראַקט, ווו דובאָווער חדר־ייִנגלעך פלעגן אַמאָל לויפן צופוס אין שטאָט אַריין. נאָר יעדעס מאָל האָט מען זיך געמוזט אומקערן צוריק, ווייל אומעטום האָט מען אָנגעטראָפן יידן הענגען אויף די ביימער פון ביידע זייטן וועג, אָדער זיי האָבן זיך

געוואַלגערט אין די פעלדער, פאַרשוואַרצטע פון דער זון און אַרומ־
געפרעסענע פון הינט.

מען האָט נאָך לאַנג געמוזט וואַרטן אויף דער גוטער שעה,
מען זאָל קאָנען פון די חורבות און קברים אַנטלויפן. נאָר מיטאַמאָל
האָט זיך געמאַכט אַ גליקלעכע געלעגנהייט, וואָס עטלעכע מענטשן
האָבן כאָטש געקאָנט דאָס שטעטל פאַרלאָזן

געוועזן איז עס אין אַ פרימאָרגן.

אויפן זעקסטן טאָג נאָך דער גרויסער הריגה איז געקומען אַ
קליינינקער מאַטראָס קיין דובאָווע און האָט אָנגעהייבן פרעגן אויף
אַ יידיש מיידל סאָסיע. געוועזן איז עס די געוויסע שיינע שטיף־
טאָכטער פונם אַלטן געצל פּאָרטיגול, וועלכן מען האָט צוליב איר
געהרגעט אין קעלער פון דער זעמסקער פּאָסט בעת דער „קליינער"
הריגה. דער דאָזיקער מאַטראָס האָט זי דאַן אַוועקגעגנבעט פון זיי־
נע חברים, די באַנדיטן, און האָט זי איבערגעפירט אויפן דאָרף צו
אַ גוי אין שטוב אַריין, בעטנדיק, מען זאָל אים אָפּהיטן דאָס יידישע
מיידל, ווייל ס'איז זיין כלה. ער וועט אין אַ פּאָר טעג אַרום קומען
נאָך איר. נאָר געקומען איז ער שפּעטער מיט צוויי חדשים, ווייל
ער האָט זיך אויסבאַהאַלטן אין די דערפער נישט צו קומען אויף די
אויגן פון די „זעלנער" פון קאָזאַקאָוון, ביי וועלכע ער האָט אונ־
טער דער נאָז די שיינע יידישע טאָכטער אַוועקגענומען.

דעם דאָזיקן פאַרשוין האָט טאָליע שאַבאָלינסקי אַריינגעפירט
אין שפּייכלער צו די יידישע ווייבער און קינדער, זאָגנדיק מיט אַ
גרינג געמיט:

— דער מענטש זוכט דאָס מיידל סאָסיע, זאָגט אים, ווו זי
וווינט.

די ווייבער האָבן זיך איבערגעקוקט איינס מיט דאָס אַנדערע
און אַלע האָבן געשוויגן. נאָר טאָלקע, „די יידישע כפּרה" האָט זיי
גלייך אַלעמען דערמונטערט.

— נאַרישע ווייבער, וואָס שווייגט איר? ער זאָגט, אַז איר
וועט אים נישט געבן סאָסיען, וועט ער רופן אַהער זיינע יונגען...
אַ סך דאַרפט איר איצט?

דערהערט אַזעלכע קלאָרע דיבורים, זענען די ווייבער געוואָרן
רעדעוודיק. מען האָט אָנגעהייבן צו פרעגן צווישן זיך, ווו סאָסיע איז,
און אַ מיידעלע האָט זיך אַרויסגערופן, אַז זי ווייס, ווו זי געפינט

זיך. זי וווינט מיט דער מאַמען ווייט אויפן דאָרף, אין אַ גויעש שטיבל, צווישן די גערטנער. זי קאָן ווייזן, ווו דאָס איז.

עטלעכע רירעוודיקע ווייבער האָבן געכאַפּט די פּאַרווייינטע קינדער אויף די הענט און זענען אַוועקגעלאָפן מיטן מיידעלע זוכן דאָס באַהעלטעניש פון בתיה פּאָרטיגול מיט דער טאָכטער. טאָלקען האָט מען דערוויל געבעטן, אַז זי זאָל געבן צו עסן דעם מאַטראָס, געבן אים אַ טרונק בראָנפן און פאַרהאַלטן אים אין שטוב, ביז זיי וועלן קומען צוריק.

אַזוי אומגעריכט האָט בתיהן געטראָפן דאָס אומגליק.

דעמאָלט נאָך דער „קליינער" הריגה פון כ׳ סיון, האָט זי פאַר־לאָזן דעם אונטערשטן גארן פון דער זעמסטער פּאָסט מיטן מתים־קעלער, ווו מען האָט געהאַלטן אין איין געפינעןביינער פון מענטשן, און האָבן זיך ביידע מיטן מיידל באַזעצט צווישן די פויערשע גער־טנער, אין שטיבעלע ביי דער ערד, וואָס אַ גוטער גוי האָט פאַרדונ־גען אויס רחמנות. אַ גאַנצן זומער האָט זי אָפּגעהיטן סאָסיען, ווי דאָס אויג אין קאָפּ. דאָס פאַרווונדעטע און צעביילטע לייב האָט זי איר געשמירט מיט אַלערליי זאַלבן, געבאָדן אין וואַנעס פון גראָזן און קרייטעכצער, וואָס די אַרומיקע גויעס האָבן איר געגעבן פאַר אַ רפואה. און גאָט האָט איר געהאָלפן: סאָסיע איז ווידער געוואָרן געזונט און שיין. ביידע האָבן זיי געאַרבעט ביי דעם גוטן גוי אין הויף, ווייט צווישן די סעדער. און אַזוי אַרום האָט די מוטער אויס־באַהאַלטן דאָס מיידל אין די גרויסע הריגה־טעג, אַז קיין טמא בליק פון קיין באַנדיטן־יונג זאָל נישט פאַלן אויף איר.

נאָר אין אַ פרימאָרגן האָט זי אַ חברה ווייבער אַרויסגערופן אויף אַ שרעקלעכן סוד.

בתיה האָט פאַרבראָכן די הענט און האָט געפרעגט אין צער און טרערן:

— וואָס עפּעס דווקא מיין קרבן? איך האָב שוין מיינס באַצאָלט...

— ער וויל נאָר סאָסיען...

— דווקא סאָסיען? דווקא מיין קרבן?... — האָט זי געשטאַמלט אַ פאַרלאָרענע.

נאָר די חברה ווייבער זענען איר באַפאַלן פון אַלע זייטן מיט צאינה-וראינה און תחינה־לשון פון זייערע געפּערלטע מיילער:

— און אסתּר המלכּה וואָס האָט געטון? זי איז געווען אַזוי־שיין און ליטיש, ווי אייער סאָסיע. ראַטעווען אַזויפיל מענטשן פונם טויט איז עס עפּעס אַ קלייניקייט? אין איר זכות וועט דאָך לעבן בלייבן דאָס געדעכעניש פון דובאָווע. די יתומים וועלן אויסוואַקסן, וועלן זיי עס דערציילן אויף דור־דורות, איר נאָמען וועט פאַרשריבן ווערן אין די הייליקע ספרים, ווי דער נאָמען פון אסתּר המלכּה... באַשערט אייער קינד דעם זכות...

— נאָר מיין קרבן, נאָר מיין קרבן! — האָט זי אַלץ געטענהט. אַ פאַרצווייפלטע, און מיט די ווערטער איז זי צוגעפאַלן צו דער טיר פון איר קליין שטיבל. איר פאַרוויינט קול האָט אויפגעציטערט אין אַ שטרענגן רוף צו דער טאָכטער.

סאָסיע איז געבליבן שטיין ביי דער שוועל, אַ דערשראָקענע, איבער דער חברה ווייבער, וואָס האָבן זיך געסודעט מיט דער מאַמען.

— טאָכטערניו, — האָט בתיה ווידער אַרויסגעוויינט, אַ צעבראָ־כענע, — געקומען אַ באַנדיט און וויל דיך צונעמען פון מיר, אויב נישט, וועט ער אויסהרגענען אַלע אלמנות און יתומים. קינד מיינס, וואָס וועסטו זאָגן דערויף?

— ער גייט אָנגעטון, ווי אַ מאַטראָס? — האָט דאָס מיידל גע־פרעגט שטיל.

— ווי אַ מאַטראָס! ווי אַ מאַטראָס! — זענען די ווייבער אַריינגעקומען אין התפעלות, וואָס זי לאָזט זיך צו אים דערקענען.

— אַ קליינינקער, מיט גראָבע ליפּן?

— יאָ־יאָ! — זענען יענע נאָכמער דערפרייט געוואָרן.

— נו, איז עס דער, — האָט סאָסיע צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ און זי האָט דערציילט דעם אמת, ווי אַזוי ביי דער „קליינער" הריגה האָבן זיך די באַנדיטן געשלאָגן איבער איר. מען האָט זי געוואָלט דערשיסן און ער האָט זי געראַטעוועט פון טויט, נאָר זי האָט אים געמוזט צוזאָגן, אַז זי וועט זיך שמדן און חתונה האָבן מיט אים.

דערהערנדיק די לעצטע ווערטער, האָט בתיה אויסגעבראָכן מיט אַ געוויין, טענהנדיק פון איר לעבעדיקן קרבן, ווי פון אַ תּחינה אַרויס.

נאָר די גליקלעכע ווייבער האָבן זי שוין נישט געהערט.

זיי זענען גלייך אַנטלאָפֿן צו שאַבאָלינסקין ברענגען דעם מאַטראָס.'

---

עטלעכע טעג איז דערנאָך דער קליינינקער מאָלדאַוואַן אינם מאַטראָסן־היטל געווען אינם גויעשן שטיבל אינאיינעם מיט סאָסיען, און איר מאַמע, בתיה פּאָרטיגול, איז אויך דאָרטן געווען מיט זיי. סאָסיע פֿלעגט מיט אים גיין אין גאַס, זי האָט אים באַקענט מיט יידישע מיידלעך און ווייבלעך, וועלכע זיי פֿלעגן באַגעגענען. דערביי האָט זי אַלעמען דערציילט, אַז דער חתן אירער איז אַ לייטישער מענטש. אין טיראַספּאָל האָט ער אַן אייגן הויז מיט אַ באַקאַליי-קראָם. אויך האָט ער דאָרטן אַן אַלטע מאַמע און זייער אַ פיינע שוועסטער. מיט קאָזאַקאָוס באַנדיטן האָט מען אים גענויט צו גיין, נאָר איצט האָט ער זיך אָפּגעגנבעט און איז פון זיי אַנטלאָפֿן.

סאָסיע איז אויך געגאַנגען מיט איר חתן צום גלח, ער זאָל זי שמדן. געגאַנגען זענען מיט זיי עטלעכע גויעשע שכנות און אויך די טעלעפאָניסטין יעלענע וואַסיליעוונע, וועלכע האָט אים פּראָטעזשירט צוליב זיין שייכות מיט איר האַרץ-פריינט, דעם אַטאַמאַן קאָזאַקאָוו.

נאָר דער גלח האָט זי נישט געוואָלט שמדן און צוליב דיי־זעלבע סיבות, וואָס ער האָט נישט געשמדט פייגע־וויטעלען. נאָכדעם, ווי דאָס גאַנצע שטעטל יידן האָט מען אויסגעהרגעט, איז עס אוודאי געווען אַ געפערלעכער שריט. דער רויטער „שד” האָט זיך נאָך גע-קאָנט אַריינכאַפּן און אויפן אויג וואָלט באַלד געווען דער פּאָפּ, למאַי ער שמדט יידישע מיידלעך און מאַכט זיי חתונה מיט באַנדיטן.

און דער גלח האָט זיך נישט געלאָזט איינבעטן פון קיינעם. ס'האָבן אפילו נישט געהאָלפן די בקשות פון יעלענע וואַסיליעוונע.

דאַן האָט דער מאַטראָס באַשלאָסן צו נעמען די כלה אַהיים.

דאָרטן, אין טיראַספּאָל האָט ער דער מאַמען מיט דער שוועסטער, וועלן זיי עס שוין אַלץ איינאָרדענען אינם פּאָקראָווער קלויסטער, ווו דער גלח איז אַ זיימישער מענטש. דערנאָך וועלן זיי שוין פאַר־בלייבן דאָרטן וווינען. סאָסיע האָט דערויף אויך מסכים געווען, נאָר זי האָט דערביי געוואָלט באַוואָרענען דער מאַמען. מען האָט באַשלאָסן, די אַלטע אויך מיטצונעמען און פאַרפירן זי מיטן וועג אינם שטעטל טאַרגאָוויצע צו איר אויסגעגעבענער טאָכטער.

בתיהן אַליין איז אויך דער פּלאַן געפעלן געוואָרן. ערשטנס, וואָלט זי פאַרשפּאָרט צו זען דעם נחת, ווי אַזוי די דובאָווער שיק־סעס און גויעס וועלן אויסצירן סאָסיען אין קרעלן און אין בענדער און וועלן זי פירן מיט דער איקאָנע אין קלויסטער אַריין. אויך האָט ביי איר אויפגעבליט די האָפענונג, אַז דאָרטן, אין טאַרגאָוויצע, וועט זי קאָנען ראַטעווען דאָס מיידל פון די גזלנישע הענט. אויפן אַנדערן ברעג טייך ליגט דער געוויסער פּאַסאַד נאָווי־אַרכאַנגעלסק מיט די לייטישע קאַצאַפּעס, וואָס נעמען זיך אָן פאַר יידן. קאָזאַ־קאָוון האָבן זיי פאַרוואָרפן מיט באָמבעס. איבער די שטעטלעך גייען זיי אַרום זוכן באַנדיטן, נקמה צו נעמען פאַר יידיש בלוט, וועלן זיי דאָס קליינע נישטיקע מאַטראָסל נישט קאָנען בייקומען?

אַזוי ווי זי וועט נאָר קומען צו דער טאָכטער, וועט זי נעמען אַ צוויי־דריי שיינע באַלעבאַטים פון טאַרגאָוויצע און וועט מיט זיי אַריבער די בריק אין פּאַסאַד אַריין. דאָרטן וועט זי אויפן מאַרק צונויפרופן אַלע גרויסע קאַצאַפּישע סוחרים מיט זייערע זין, די באָלשעוויקעס, וואָס שטעלן זיך איין פאַר יידן און זי וועט זיי בעטן, זיי זאָלן איר ראַטעווען דאָס מיידל. די אמונה, וועט זי זאָגן, אַרט איר נישט, גאָט איז ביי אונדז איינער, נאָר פאַרוואָס קומט איר ערלעך שיין קינד אַריינצופאַלן צו אַ באַנדיט אין די הענט אַריין. זיי, די לייטישע גוים, וועלן אוודאי רחמנות האָבן אויף איר און וועלן דאָס קליינע באַנדיטל צערייסן, ווי אַ הערינג.

אַזוי האָט עס בתיה ביי זיך צוגעטראַכט און האָט עס בסוד־סודות דערציילט נאָר דער רביצין, וועלכע איז געלעגן אין שפּיטאָל מיט אַ פאַרנייטן געבונדענעם קאָפּ.

אין שטעטל איז דערווייל געוואָרן אַ רעש מיט דער זיכערער פור, וואָס פּאָרט קיין טאַרגאָוויצע אונטערן שוץ פון סאָסיעס אייגע־נעם באַנדיט. ער איז שוין געוועזן אַ היימישער מענטש און פלעגט זיך העפלעך גריסן מיט אַלע ווייבלעך, וואָס זיין יידישע כלה האָט אים באַקענט מיט זיי. זענען אַ חברה ווייבער ווידער צוגעפאַלן מיט תחנונים צו בתיהן, ווי מיט עטלעכע טעג צוריק. ווען זיי האָבן איר איינגערעדט, אַז איר סאָסיע איז אַזאַ גרויסע פּערזענלעכקייט, ווי אסתר־המלכה, אַז מען זאָל זיי מיטנעמען.

נאָר בתיה האָט געטענהט איינס:

— מען קאָן דאָך אַלעמען נישט נעמען. זאָל מען פריער פרעגן דעם גוי, וויפל ער קאָן נעמען פאַרשוינען.

איז מען געלאָפן צום פויער, וואָס מען האָט ביי אים געדונגען די פור. טוט גאָט אַ נס און ער איז מסכים צו פאָרן מיט זיינע ביידע פורן אינאיינעם מיטן זון און, אַ חוץ חתן־כלה מיט דער אַלטער, קאָן ער נעמען נאָך זעקס פאַרשוין. נאָר דאָ ווערט ווידער אַ מהומה, אַלע ווילן זיין פון די זעקס גליקלעכע רייזנדער.

לסוף וואַרפט מען גורל און די זעקס פאַרשוין זענען זלמן דעם גלעזערס ווייב מיט דריי קליינע קינדער און נאָך אַ יידענע מיט אַ דרייצן־יאָריקן בן־יחיד. זיי דאַרפן ביידע נישט קיין טאַרגאָוויצע, נאָר די יידענע מיטן יינגל מוז זיך צונויפשרייבן מיט קיעוו, ווייל דער מאַן מיט די עלטערע קינדער זענען אין אַמעריקע און אין קיעוו, זאָגט מען, זענען שוין פאַרהאַן אַמעריקאַנער קאָמיטעטן, וואָס שיקן אַריבער בריוו קיין אַמעריקע, און זלמן דער גלעזער מוז נאָך פאַרבלייבן אין דובאָווע איינצומאָנען דאָס געלט, וואָס קומט אים ביי די גוים. נאָר זי מיט די קינדער באַנוצן זיך מיט דער זיכערער געלעגנהייט און אַנטלויפן פון דער באַנדיטן־נעסט. פון טאַרגאָוויצע איז פאַראַן אַן אָפענער וועג קיין יעליסאוועטגראַד און פון דאָרטן קאָן מען זיך דורכרייסן קיין אָדעס.

אַזוי זענען אין אַ שיינעם אלול־פרימאָרגן אַרויסגעפאָרן די צוויי פורן פון דובאָווע אונטער די קנאה־בליקן פון די פאַרבליבענע ווייבער און קינדער. און אַכט וויאָרסט פונם שטעטל, ווען זיי זענען דורכגעפאָרן דאָס דעמבענע וועלדל, לעבן דעם דאָרף אוקסאַנינאָ, זענען ביידע פורן באַפאַלן אַ חברה באַנדיטן־יונגען מיט אַ שיסעריי פון אַלע זייטן. ווידער איז געוואָרן אַ געשלעג איבער סאָסיען. געווען זענען עס די „זעלנער" פון קאָזאַקאָוון, וועלכע זענען געווען אין דובאָווע ביי דער „קליינער" הריגה, און דאָס קליינע מאַטראָסל האָט ביי זיי פון אונטער די הענט דאָס שיינע יידישע מיידל אַוועקגענומען. אַ גאַנצן זומער האָבן זיי אים געזוכט אין די אַרומיקע דערפער און האָבן אים אויסגעשפירט, ווען ער איז געקומען נאָך איר אין שטעטל אַריין. דערנאָך האָבן זיי שוין געלויערט אויפן וועג, צו כאַפּן אים מיט איר אינאיינעם.

נאָר דער קליינינקער מאָלדאַוואַן האָט זיך העלדיש געשטעלט אַנטקעגן. געהאָלפן האָבן אים אויך דער פורמאַן און נאָך אייניקע

דאָרפס־יונגען, וואָס זענען געקומען צולויפן פון אוקסאַנינאָ, און סאָ־סיע איז געבליבן זיינע. ער האָט זיך אַרויפגעכאַפּט מיט איר אויף דער ערשטער פור און דער פורמאַן האָט געגעבן אַ שמיץ די פערד, רייסנדיק די ערד אונטער זיך.

געהרגעט האָט מען נאָר פינף גליקלעכע פאַרשוינען, וועלכע האָבן באַצייטנס געוואָלט אַנטלויפן פון דובאָווע און סאָסיעס מאַמע, בתיה פאָרטיגול, אַ זעקסטע. לעבן געבליבן איז נאָר זלמן דעם גלע־זערס ווייב. ווען ס'איז נאַכט געוואָרן, האָט זי זיך אַרויסגעשלייכט פון אונטער די הרוגים, ווו זי איז געלעגן, אַ פאַרווונדעטע. אָן איין טרער האָט זי אויסגעקושט אירע דריי טויטע קליינע קינדער און איז אין דער נאַכט־פינסטערניש אַוועק מיט די אָפּגעשניטענע פעלדער צוריק קיין דובאָווע.

אויף מאָרגן האָט זיך אַן אַלטע יידענע פונם דאָרף אוקסאַנינאָ איינגעשטעלט דאָס לעבן. זי האָט זיך אָנגעטון, ווי אַ גויע און איז אַוועק צופוס אינם שטעטל פּאָקאָטילאָוו אָנזאָגן פונם אומגליק, וואָס איז געשען אויפן וועג מיט די דובאָווער ווייבער און קינדער. די פּאָקאָטילאָווער יידן האָבן געשיקט אַ גוי מיט אַ פור און מען האָט די זעקס הרוגים אַריינגעבראַכט אין שטעטל, און אויפן צווייטן טאָג האָט מען זיי צו קבורה געבראַכט אויפן פּאָקאָטילאָווער בית-עולם.

## ט.

נאָך דער געשיכטע מיט סאָסיעס זיכערן באַנדיט זענען די דו־באָווער ווייבער געוואָרן אַ ביסל געדולדיקער צום אַרויספאָרן פונם שטעטל. דער גוטער דימיטרי שאַבאָלינסקי האָט זיי, די יידישע אלמנות, איינגעאָרדנט אין די בעסטע דריי יידישע הייזער, ווייל ביי אים אין שפייכלער איז געווען צו ענג. דערצו האָט ער דעם רעש נישט געקאָנט ליידן. דאָך האָט ער אַ דריי צענדליק יידישע נפשות בעלאָזט ביי זיך, ווייל ס'האָט זיך אים זייער נישט געוואָלט צעשיידן מיט די רויטע רעטונגס־קרייצן פון זיינע פענסטער און טירן.

משה שטעלמאַכער מיט זיין פאַמיליע זענען אויך געווען איי־

איינעם מיט די אַלמנות און יתומים אין די קהלשע הייזער. זיין שטיבל איז גאַנץ געבליבן, נאָר אינעווייניק איז געווען אַ חורבן. דאָס צעריסענע בעטגעוואַנט און צעבראָכענע כּלים האָבן אָנגעוואָרפן אַן אימה. האָט חנניה פאַרשלאָגן די פענסטער מיט ברעטלעך און האָט אויפגעהאָנגען אַ שלאָס אויף דער טיר. דאָס ביסל געהילץ, וואָס איז געבליבן לעבן זיין וואַרשטאַט, האָט ער צונויפגענומען און האָט עס איבערגעגעבן דימיטרין, ס׳זאָל ליגן ביי אים אין הויף ביז אַ צייט. משה האָט זיך דורכאויס געקליבן אין וועג אַריין, און אויף אים קוקנדיק, האָט דער איבעריקער עולם ווידער אָנגעהייבן פיבערן, וואָס גיכער צו אַנטלויפן פון די חורבות און קברים.

דערווייל האָט זיך דורכגעריסן פון אומאַן צוריק אין שטעטל אַריין דער דובאָווער באַלעבאָס אברהם-משה זייטשיק, וועלכער איז נאָך פאַר דער „קליינער" הריגה אַנטלאָפן אין שטאָט אַריין. דער-הערנדיק דאָרטן אין אומאַן, אַז די דובאָווער אַלמנות פאַרקויפן זייערע הייזער און אַלע ווילן אַרויספאָרן פונם שטעטל, איז ער אויף מסירת־נפש דורכגעפאָרן דעם אומאַנער טראַקט און איז געקומען אַגי־טירן, מען זאָל דאָס אייגענע ווינקל נישט פאַרקויפן. זאָל מען זיצן אויפן אָרט. אין איין גאַס זאָל מען זיך דערווייל אַלע באַזעצן און ס׳זאָל בלייבן אַ יידישער ישוב. שפּעטער, ווען ס׳וועט צוריק ווערן אַ פרייע ליכטיקע וועלט פאַר אַלעמען, וועלן זיך די אַנטלאָפענע אומקערן צוריק אַהיים, ווייל זיין היימלאָז און וואַלגערן זיך אין דער פרעמד איז זייער נישט גוט.

געווען מענטשן, וואָס האָבן מסכים געווען מיט אים. לאָזן זיך אין וועג אַריין הויל און נאַקעט מיט די עטלעכע געציילטע גראָשנס פון דער פאַרקויפטער שטוב, האָט באמת אָנגעוואָרפן אַ פּחד. נאָר משה שטעלמאַכער האָט זיך נישט געלאָזט איבערעדן. ער האָט נישט געקאָנט פאַרבלייבן אין דובאָווע און זיצן ווידער אין שכנות מיט די „לייטישע" גוים, וואָס האָבן געהאָלפן די פרעמדע באַנדיטן אויסשחטן דאָס גאַנצע שטעטל יידן מיט אלערליי חוזק-טויטן, און מיט אים איז געווען די מערהייט, וועלכע האָט איבערגעלעבט די גרויסע הריגה.

אויפן דאָרף האָט מען דערווייל דערהערט, אַז משה שטעלמאַ-כער קלויבט זיך ערנסט אין וועג אַריין און אַז מען וועט דאַרפן פאַריכטן אַן אַקס, אָדער שטעלן אַ פּאָר רעדער, וועט מען מוזן טרייבן אַ פור אין שטאָט אַריין. האָבן די עלטסטע און די פיינסטע

באַלעבאַטים פון די גויעשע גאַסן, זונטיק, אַרויסגייענדיק פון קלויס־טער, צונויפגערופן אַ „סכאָד" און מען האָט געשיקט רופן משהן אי־בערצורעדן מיט אים וועגן אַ וויכטיקן ענין. און אַז ער איז געקו־מען, האָבן אים די דובאָוועער פויערים אַלע אין איין קול געבעטן, אַז ער זאָל דאָ בלייבן וווינען און די איבעריקע מעגן אויך בלייבן אויף זייערע ערטער. זיי זענען ערוב, אַז מער וועט שוין אַזוינס נישט זיין, וואָס עס איז פאָרגעקומען ביז אַהער.

נאָר משה שטעלמאַכער האָט זיי געענטפערט זייער ערנסט, אַז ער קאָן זיך אויף זייערע ווערטער נישט פאַרלאָזן, ווייל זייער מאַכט פון דער פויערשער „וואָלאַדע" איז נישט פעסט און פאַר זייע־רע אויגן האָבן זיי געלאָזט אויסקוילן אַלע יידן מיט ווייב און קינד און דעריבער קאָן ער דאָ נישט בלייבן וווינען.

די דאָזיקע פויערים־פאַרזאַמלונג איז פאָרגעקומען לעבן קאָאָפע־ראַטיוו, אונטערן פרייען הימל. משה האָט אָפגעזאָגט זיינס און איז שוין גרייט געווען אַוועקצוגיין. נאָר אין דער רגע זענען פון די דאָרפישע גאַסן אָנגעקומען נאָך מענטשן און צווישן זיי, דער פויער קדימאָן, וועלכער איז אין דער צייט פונם געטמאַן געווען אַ מילי־ציאָנער אין דובאָווע און דערנאָך, ווען די באָלשעוויקעס האָבן אים אַרעסטירט אַלס קאָנטער־רעוואָלוציאָנער, האָבן אים יידן אויסגעבעטן און באַפרייט מיט זייערע חתימות. איז ער אין דער מינוט אָנגעקו־מען מיט זיין פעסטער דעה און האָט אַריינגעזאָגט דעם עולם קלאָ־רע דבורים:

— וואָס דאַרפט איר אים בעטן, ער זאָל בלייבן? איר ווייסט דען נושט, וואָס מען טוט אין אַנדערע ערטער מיט יידן? מען שחט זיי אויס ביזן לעצטן און מיר וועלן אויך אַזוי טון.

די דאָזיקע ווערטער זענען אויסגעהערט געוואָרן פון דער פוי־ערים־פאַרזאַמלונג ביי אַ טויט־שטילקייט. אָפגערופן נאָר האָט זיך דאָס האַרט־געבראָכענע קול פונם יידישן אַרבעטער משה שטעל־מאַכער:

— אַלע יידן וועט איר נישט אויסהרגענען. גאָט האָט אונדז דערפאַר צעזייט איבער דער וועלט, מיר זאָלן אייביק לעבן. וועט מען אונדז אויסקוילן אין אוקראַינע, וועלן מיר בלייבן לעבן אין אַמעריקע, אין דייטשלאַנד, אין פוילן, אין אַנדערע מלוכות, נאָר זייט וויסן, אַז פון אייך וועט אויך קיין גוטער סוף נישט זיין. עס

זועלן קומען אַזעלכע, וואָס וועלן אייך אויך אויסהרגענען. דאָס בלוט פון אונדזערע קליינע קינדער וועט אייך נישט שווייגן.

דער אַרומיקער עולם איז געשטאַנען שטיל און פאַרטראַכט געבויגן די קעפּ. געשוויגן האָט אויך דער געוועזענער מיליציאָנער פונם געטמאַן, און, שווייגנדיק, איז מען זיך אַזוי צעגאַנגען אַהיים אין די ווייסע גרין־באַפּלאַנצטע שטיבלעך פון די בליענדיקע גויעשע גאַסן. דאָס ביסעלע יידן האָבן זיך נאָך שטאַרק געקאָכט. פון אַלע דריי יידיש־קהלשע הייזער איז מען אין דער מינוט באַפאַלן משה שטעלמאַכערן מיט שטאַרקע טענות, למאי ער האָט אַזוי שאַרף אָפּגע־ענטפערט די גוים, נאָר ער האָט זיי אויך געענטפערט פעסט:

— ווער ס׳וויל בלייבן וווינען אין דובאָווע, זאָל זיך זוכן אַן אַנדער קהלס־מאַן.

# מא.

זונטיק בייטאָג האָט משה שטעלמאַכער זיך דורכגערעדט מיט די דובאָווער פּויערים און פאַרנאַכט איז אָנגעקומען אין שטעטל אַ זיכערע ידיעה, אַז קאָזאַקאָוו איז ווידער אַרום דובאָווע. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט אינם נאָענטן דאָרף באַבאַנקע, און וווהין ער וועט גיין ווייטער, האָט מען נישט געוווּסט. ברישקאָ מיט פייגע־וויטעלען, וועל־כע האָבן זיך באַזעצט אין שקאָדניקס פּריצישער שטוב, זענען גלייך אַנטלאָפן פונם שטעטל אינאיינעם מיט זיינע זעלנער, פאַרנעמענדיק מיט זיך די פליכטן פון דער קיעווער דירעקטאָריע צוזאַמען מיט פייגע־וויטעלעס וועלאָסיפּעד און אירע שלאַנקע געזאָטלטע פערדלעך צום רייטן.

די היימישע באַנדיטן האָבן דערוויל געגעבן צו וויסן קאָזאַ־קאָוון מיט זיין „שטאַב", אַז די דובאָווער יידישע אלמנות האָבן פאַר־קויפט זייערע הייזער און זיי האָבן ביי זיך איצט אַ סך ניקאָלאַיע־ווער געלט, און ער איז גלייך געקומען מיט אַ פּאָר הונדערט באַ־וואָפנטע רייטער נאָכאַמאָל איבערצוטרייסלען די יידישע חורבות פונם

שטעטל. געדויערט האָט עס איין שעה צייט, אין מיטן העלן טאָג, ווען די היימישע פויערים האָבן זיך רויק געפירט פון פעלד דאָס ווייטיקע ברויט אין די שייערן. זיי האָבן זיך שוין איצט נישט גע־אײַלט, און קאָזאַקאָוו מיט זײַנע באַנדיטן האָבן אין דער איינער ליכ־טיקער זון-שעה פון מיטן טאָג געהרגעט אַכט מענטשן, געשענדט פיל פרויען און קליינע מיידלעך און צוגענומען ביי די אלמנות דאָס געלט, וואָס זיי האָבן באַקומען פאַר זייערע הייזער.

אין דער דאָזיקער לעצטער הריגה איז אויך אומגעקומען דער פאַרבענקטער דובאָוווער תושב, אברהם-משה זייטשיק, וועלכער איז אויף סכנות נפשות געקומען צולויפן פון אומאַן אַגיטירן, מען זאָל אין דובאָווע דעם יידישן ישוב נישט שטערן. אויך האָט משה שטעל־מאַכער דאָס מאָל באַצאָלט מיט דאָס בעסטע און טייערסטע, וואָס ער האָט פאַרמאָגט. זיין ליבלינג, זיין טרייסט און זיין האָפענונג, דעם געצערטלטן חנניהן זיינעם האָט מען אויך דערהרגעט.

דעם גאַנצן זומער פון די יידישע הריגות אין דובאָווע איז חנניה ביי אים תמיד געווען אויפן אויג. ביי אַלע אומגליקן פלעגט זיך די מוטער מיט די קליינע קינדער פאַרשפאַרן ביי זיך אין שטיבל און ער, דער זעכצן-יאָריקער חנניה, האָט זיך תמיד געהאַלטן לעבן דעם פאָטער, וועלכער פלעגט אַרומלויפן צו זוכן צדדים ביי דער מיליציע און גויעשע קאָמיטעט-לייט, זיי זאָלן אים העלפן צונויפרעדן זיך מיטן אַטאַמאַן.

דאָס מאָל, ווען די באַנדיטן האָבן זיך אַריינגעריסן צווישן די יידישע הייזער, איז משה געשטאַנען פאַר דער טיר פון דער קהלשער שטוב, ווו ער האָט זיך אויסבאַהאַלטן מיט זיין ווייב און קינדער. ער האָט געהאַלטן אויף די הענט זיין קליין יינגעלע און חנניה איז געווען אינעווייניק לעבן דער מוטער. דערזעענדיק דורך דער אָפענער טיר צעווילדעווועטע רייטער שפּרינגען איבערן שטעטל, האָט ער זיך געלאָזט לויפן אין דרויסן אַרויס צום פאָטער, נאָר די מאַמע האָט אים מיט די הענט פאַרצוימט דעם וועג. אין דער רגע זענען די באַנדיטן באַפאַלן די שטוב מיט די מיידלעך און ווייבלעך. ס׳איז געוואָרן אַ שרעקלעכע מהומה. די קולות פון די געשענדעטע האָבן געטרייסלט די ווענט און אין דעם דאָזיקן שטורעם האָט משה פאַרלוירן זיין חנניהן פון די אויגן.

ער איז אַנטלאָפן אין גאַס אַריין און האָט זיך לעבן קאָאָפּע־

ראַטיוו אויסגעמישט צווישן די פויערים, וועלכע זענען אויס נייגעריקייט דאָרטן געשטאַנען. נאָר אין דער מינוט האָט מען לעבן שאַבאָלינסקיס גאָרטן דערהרגעט שפּיראָ דעם חזן מיטן ווייב, וועלכע זענען געלאָפן באַהאַלטן זיך צו דימיטרין אין הויף. חנניה האָט זיך דערשראָקן און איז אַנטלאָפן אין פעלד. באַגעגנט האָט אים אַ באַנדיטן-רייטער מיט אַ ביקס אין דער הויך, נאָר ער איז דורכגעפאָרן פאַרביי. ביים וועג זענען געשטאַנען דובאָווער פויערים-קינדער, וועלכע האָבן אויף די אָפּגעשניטענע פעלדער געפּיטערט די שאָף. דער רייטער האָט זיך אומגעקוקט צו זיי און האָט געפרעגט, ווו זענען דאָ יידן באַהאַלטן.

— אָט דער איז אַ ייד, — האָבן די קינדער אָנגעוויזן אויף חנניהן.

דאָס ייִנגל האָט זיך געמאַכט מוט און איז שטיין געבליבן. דאָס האָט אַרויסגערופן אַ ספק ביי דעם באַנדיטן־יונג. דערצו האָט ער געטראָגן זיין היטל מיטן הערב פון דער גימנאַזיע און זיין ריין סיצן אויבער־העמדל, וואָס די מאַמע האָט אים ערשט דעם פרימאָרגן אויסגעפרעסט און אָנגעטון.

— ניין, ער זעט נישט אויס, ווי קיין ייד, — האָט דער באַנדיט געזאָגט אין אַ פאַרלעגנהייט,—אַנו, זאָג די תפילה.

חנניה האָט אָפּגעזאָגט וואָרט ביי וואָרט די קריסטלעכע מאָרגן־תפילה „אָטשע נאַש”, וועלכע ער האָט נישט איינמאָל געהערט פון די פויערשע קינדער ביי די שכנים.

— צלם זיך איבער! — האָט יענער ווידער באַפוילן און חנניה האָט זיך פינקטלעך איבערגעצלמט.

די פויערים־קינדער האָבן אויסגעשאָסן אַ געלעכטער און האָבן אָנגעהייבן שרייען אַלע אין איין קול, אַז ער איז אַ יידיש ייִנגל, וואָס הייסט חנניה... זיין טאַטע הייסט מאָשקע, וואָס מאַכט רעדער.

דער רייטער האָט אויסגעשאָסן און איז אַוועקגעפאָרן מיטן וועג צו דער בריק.

חנניהן האָט די קויל געטראָפן אין קאָפּ און ער איז גלייך געפאַלן טויט. די קינדער זענען מיט דער רגע אַנטלאָפן אין שטעטל אַריין אָנזאָגן עס דעם פאָטער...

— — — — — — — — — — — — — — —

אַז די באַנדיטן זענען אַוועק, האָט משה שטעלמאַכער געדונגען

צוויי פויערשע פורן, אַראָפּצופירן די זיבן הרוגים אויפן בית־עולם. געווען זענען עס דורכאויס מענער. די אַכטע, חיה־פייגע די חזנטע, איז נאָך געלעגן אין שפּיטאָל, אַ שטערבלעך-פאַרווונדעטע, און אויף מאָרגן האָט ער מיט דימיטרין געדונגען דריי גוים, זיי זאָלן אויס־גראָבן קברים, ווייל קיין יידן זענען שוין נישט געווען. די געציילטע, וואָס זענען נאָך געבליבן, זענען געלעגן פאַרשטעקט אין די קהלשע הייזער, טעמפּע און צעבראָכענע פון שרעק און יאוש.

ביי דער קבורה, איז אַ חוץ די גויעשע קברים־גרעבער, אויך געווען שאַבאַלינסקי און נאָך משהן האָט זיך אויך נאָכגעשלעפּט דער צעטומלטער און פאַרביסענער זכריה קאָזאָדאָי. ער האָט נאָך אַלץ געחלומט פון נקמה פאַר זיינע צוויי קליינע קינדער, וועלכע די היי־מישע איבערגעקערטע פּעלצן האָבן געהרגעט אין דער נאַכט פון פּסח שני, ביי דוד דעם קצב אין שטוב.

זיין חנניהן האָט משה אַליין מקבר געווען. די מוטער האָט ער נישט צוגעלאָזן צו אים. זי האָבן ווייבער געמינטערט מיט טראָפּנס אין איר ווינקל פון דער קהלשער דירה. און ער האָט אים אויסגע־קושט זיין לענגלעך־צעשאָסענעם קאָפּ מיט די האַלב־אָפענע קינדערשע אויגן און האָט אים צאַרט אַריינגעלייגט אין קבר אַריין. אַליין האָט ער אים פאַרשאָטן, געזאָגט „קדיש” און געמאַכט אַ „מלא”.

און נאָך דער קבורה האָט משה צוקאָפּנס פון אַלע זיבן קברים אַריינגעשטעקט זיבן שטעקנס מיט אויסגעקריצטע נעמען פון די הרוגים. דאָסזעלבע האָט ער געטון אויפן דריטן טאָג, ווען ער האָט מיט דימיטרין צו קבורה געבראַכט חיה-פייגע די חזנטע, וועלכע איז פון די ווונדן געשטאָרבן אין זעמסקן שפּיטאָל מיט גרויסע עינויים קשים.

## מב.

אויפן פערטן טאָג, נאָך דער קבורה פון זיין זון, איז משה שטעלמאַכער מיטן ווייב און זיינע פינף קינדער אַרויסגעפאָרן מיט אַ גויעשער פור פון דובאָווע. געלאָזט האָט ער זיך אין זיין געבורט־

שטעטל גאלאוואניעווסק, ווו די יידישע יונגעלייט האָבן אַ גאַנצן זו־מער געקעמפט מיט באַנדיטן. געהאַט האָט ער מיט זיך עטלעכע גע־ציילטע גראָשנס און אַ קהלשן פּקדון. פאַרן אַוועקפאָרן האָט ער אויסגעגראָבן אויפן שול־הויף דעם זילבערנעם „ציץ", וואָס ער האָט באַגראָבן, איינגעוויקלט אין אַ טלית, אין דעם טאָג, ווען די טאַלנער שלוחים האָבן פאַרנומען די ספרי־תורות פון די דובאָווער ■שולן, און גאָט האָט מיט אים חסד געטון. דער גויעשער פורמאַן האָט אים פאַרפירט מיט ווייב און קינד אין זיין אַלטער היים פון די קינדער־שע יאָרן און דעם „ציץ" האָט ער אָפּגעגעבן אינם דאָרטיקן בית-המדרש.

אַזוי איז דאָס חרובע שטעטל געבליבן אָן יעדער קהלשער השגחה.

נאָכדעם, ווי משה שטעלמאַכער האָט פאַרלאָזן דובאָווע, זענען די יידישע אַלמנות און יתומים געווען אינגאַנצן אונטערן שוץ פון דימיטרי שאַבאָלינסקי. נישט אומזיסט האָט מען אים אין די גויעשע גאַסן גערופן זשידאָווסקי באַטקאָ. ביי דער לעצטער הריגה האָט מען ביי די יידישע ווייבער אַוועקגערויבט דאָס לעצטע ביסל פאַרמעגן, וואָס זיי האָבן באַקומען פאַר די פאַרקויפטע הייזער. אין די קהלשע דירות זענען זיי געזעסן הונגעריקע, באָרוועסע, אָפּגעריסענע, און אַרויספאָרן פונם שטעטל איז נאָך אַלץ געווען אַ סכנה. האָט ער, דער גוטער גוי, געזאָרגט פאַר זיי. ער פלעגט פאָרן קיין אומאַן, קיין טאַלנע, קיין פּאָקאָטילאָווו און יעדעס מאָל האָט ער זיי געבראַכט אַ ביסל עסנוואַרג פון די דאָרטיקע יידישע קהילות, וועלכע זענען שוין אַליין געווען רואינירט פון רויב און הריגות.

עפּעס אַ שליח פון גאָט איז ער געווען, אַ טאַטע פון יידישע אַלמנות און יתומים. ער איז שוין איצט געשטאַנען אויף דער וואַך, דאָס ביסל פאַרמעגן זייערס זאָל גאַנץ זיין. דאָס געלט פון די אי־בעריקע פאַרקויפטע הייזער האָט מען שוין אָפּגעגעבן דימיטרין צו די הענט. צו אים אין שטוב האָט מען אויך צונויפגעטראָגן די רעשטן פון די יידישע קליטן און דאָס ביסל חפצים פון דער באַלעבאַ-טישקייט, וואָס איז נאָך ערגעץ אין אַ ווינקל פון די רויבער-הענט פאַרבליבן. אַלץ האָט מען איבערגעגעבן אונטער זיין השגחה אין זיין גויעש־ערלעכן גבול, ביז די סכנה אויף די וועגן וועט אַריבער און מען וועט עס קאָנען אַרויספירן פונם שטעטל.

ביי דימיטרין איז אויך פֿאַרבליבן דאָס פּאַרמעגן פֿון שפּיראָ דעם חזן. זיין ווייב, חיה-פּייגע די חזנטע, איז אַליין געווען אַ גרויסע אשת-חיל און האָט געהאַט אין דובאָווע אַ שיינע קלייט פֿון פֿאַרצעלייענע געפּעסן. מיט טאָלקען, „דער יידישער כּפּרה״, איז זי פֿון אַלע יאָרן געווען זייער באַפֿריינדט און ביי איר האָט זי זיך אויך באַוואָרנט דאָס פּאַרמעגן. נאָך פֿון דער ערשטער הריגה אָן האָט די קלוגע און ענערגישע חזנטע דאָס גאַנצע ביסל אייגנס געהאַלטן ביי די שאַבאָלינסקיס. די סחורה פֿון דער קלייט און ז'אָס גוטס פֿון דער שטוב האָט זי ביסלעכוויייז איבערגעטראָגן צו דימיטרין אין די שפּייכלערס אַריין. דאָס געלט מיטן טיש-זילבער און צירונג האָט זי אָפּגעגעבן דימיטרין אַליין צו די הענט. מיט די אוירינגלעך האָט זי זיך גאָרנישט געקאָנט צעשיידן, ווייל זי האָט זיי געטראָגן פֿון זינט זי האָט חתונה געהאַט און איז צו זיי געוויינט געווען.

נאָך דער גרויסער הריגה האָט חיה-פּייגע דערזען, אַז מיט איר באַוואָרנט פּאַרמעגן ביי טאָליען מיט דימיטרין איז עפּעס נישט אין אָרדענונג, ווייל אַנטלויפנדיק אין דער צווייטער הריגה-נאַכט פֿונם רבס בוידעם, צו באַהאַלטן זיך ביי שאַבאָלינסקין אין שטוב, איז זיין זעכצן-יאָריק טעכטערל צוגעשטאַנען, זי זאָל איר אָוועקגעבן די אוירינגלעך, וואָס זי טראָגט אויף זיך, אַנדערש וועט זי איר אין שטוב נישט אַריינלאָזן. חיה-פּייגע דער קאָזאַק האָט, נאַטירלעך, די אוירינגלעך דעם שיקסל נישט געגעבן, נאָר טאָליע איז דערפֿאַר שטאַרק ברוגז געווען אויף דער חזנטע, און ווען זי איז נאָך דער לעצטער הריגה געלעגן אין זעמסקן שפּיטאָל אַ צעשעדיקטע אויפֿן טויטן בעט, האָט זיך יענע ווידעראַמאָל אינטערעסירט מיט חיה-פּייגעס אוירינגלעך: דעם רבס שנור האָט זי געבעטן, זי זאָל איר פֿרעגן, ביז וואַנען יענע איז נאָך ביים זינען, ווו זי האָט זיי באַהאַלטן, און אַז דאָס ווייבל האָט זי געפֿרעגט, נאָך וואָס זי דאַרף עס וויסן, האָט איר די קלוגע טאָליע געענטפֿערט: מען וועט דאָך זי דאַרפֿן מקבר זיין, אָנטון תּכריכים. פֿונוואַנען וועט מען עס נעמען?...

איין חסד האָט נאָר געטון דער אויפֿגעקלערטער גויעשער שוסטער דימיטרי שאַבאָלינסקי מיטן יידישן חזן פֿון דער דובאָווער קלויז. נאָכדעם, ווי ער האָט באַקומען זיין גאַנץ פּאַרמעגן אָפּצוהיטן, האָט ער אים נישט געלאָזט הרגענען ביי זיך אין הויף. ער האָט

באַפּוילן דעם באַנדיט אַוועקצונעמען אים ערגעץ אַנדערש, און יענער האָט עס אים צוליב געטון.

אויך האָט ער ביי דער לעצטער הריגה אָפּגעהיט, אונטער די רויטע קרייצן פון זיינע פענסטער און טירן, די דרייסיק יידישע אלמנות און יתומים, וואָס ער האָט זיך איבערגעלאָזט אין זיין רע־טונגס־שפּייכלער.

אַזוי איז דימיטרי געשטאַנען אויף דער וואַך ביי די יידישע ווייבער און קינדער ביז דער לעצטער מינוט, וואָס זיי האָבן דאָס שטעטל פאַרלאָזן.

אַרום חצי־אלול, ווען אין אומאַן האָבן זיך די אוקראַינער אי־בערגעקערטע פעלצן אַ ביסל באַרויקט אונטער דער ווירקונג פון דער קיעווער דירעקטאָריע, וועלכע האָט שוין געגוססעט אין דער סם־לופּט פון דער אָנקומענדיקער שוואַרץ־טאָטערשער דעניקין־מאַכט, האָט דער זשידאָווסקי באַטקאָ פון דובאָווע געדונגען עטלעכע פויערשע פורן און האָט אָפּגעשיקט די יידישע אלמות מיט די יתומים קיין אומאַן. זיי האָבן פאַרנומען מיט זיך די אַלטע רביצין מיטן צעהאַקטן געבונדע־נעם קאָפּ אינם בלוט-געפּאַרבטן־טשיפיק פון אויבן, און די צוויי משו־געגע ווייבער מיטן קינד, וועלכע פלעגן זינגען און טאַנצן ביי דער „גלינישטשע” אונטער די האַרמאָניקעס-קלאַנגען פון דער דובאָווער פויערים־יוגנט, האָט מען אויך פאַרנומען אין שטאָט אַריין. אויפן צווייטן טאָג איז געקומען דימיטרי שאַבאָלינסקי אַליין און האָט גע־בראַכט די דובאָווער אלמנות מיט די יתומים דאָס געלט פאַר די לעצטע פאַרקויפטע הייזער. ביז איין גראָשן האָט ער געבראַכט. אויך האָט ער צוליב געטון דער אַלטער פאַרוואונדעטער רביצין און האָט פאַרנומען צו זיך אויפן בוידעם דעם רבס ספרים פון די צעבראָכע־נע שאַפעס, וואָס האָבן זיך געוואַלגערט אין דער פאַרוויסטער און בלוט־באַפלעקטער בית־דין־שטוב.

## מג.

די ווייבער מיט די קינדער זענען אַרויסגעפאָרן פון דובאָווע

עטלעכע טעג פאַר ראש-השנה און יום-טובים־צייט האָבן די דובאָווער פויערים צעוואָרפן אַלע יידישע הייזער, אָפגערוימט דעם פלאַץ און פאַראַקערט אויף פעלד און גאָרטן. אויך האָבן זיי חרוב געמאַכט דעם בית-עולם: די מצבות האָבן זיי פאַרברענט און דאָס פעלד פאַראַקערט און פאַרזייט מיט ווינטער-תבואה. פאַרברענט האָבן זיי אויך די ארונות מיט די בענק און טישן פוןביידע שולן, וועלכע זענען געשטאַנען מיט אויסגעהאַקטע שויבן און אַרונטערגעבראָכענע טירן.

און דאָס אַלץ האָבן צוגעקוקט די דריי יידישע משפחות פון די שמידן, וועלכע זענען אַליין געבליבן אין דובאָווע, צו באַדינען די זאַטע גויעשע גאַסן מיט זייער שמידעריי-אַרבעט. אָבער צוויי פאַמיליעס פון די גליקלעכע דובאָווער שמידן האָבן עס נישט אויסגעהאַלטן. נאָך פאַר סוכות האָבן זיי אַוועקגעוואָרפן זייערע איינגעפונדעוועטע הויפן, וואָס זענען זאַט געווען מיט שפע און פרנסה, און זענען אַנטלאָפן קיין אומאַן צו זיין נע־ונד און היימלאָז. געבליבן איז נאָר איין שמיד, משה ראַבינאָוויטש מיטן ווייב, און דער דאָזיקער האָט אַזוי לאַנג געשיכורט מיט די גוים אין די גויעשע שענקען, ביז ער האָט זיי ביי אַ גלעזל בראָנפן פאַרקויפט די חורבה פונם בית-המדרש פאַר צוויי טויזנט מיט פינף הונדערט רובל און דאָס געלט איז אויפן אָרט געבליבן אין שענק. און די קלויז פון דובאָווע האָט פאַרקויפט די גוים דער דובאָווער פערד־הענדלער יצחק קאָרטשון פאַר עלף טויזנט רובל. געווען איז עס אין אַ דאָנערשטיק, ווען ער איז געקומען קיין דובאָווע אויפן יריד קויפן פערד און האָט מיט די אַמאָליקע גויעשע שכנים זיינע גענומען אַ טרונק בראָנפן. דאָס געלט האָט ער אויך צוגענומען זיך.

די דובאָווער גולים אין אומאַן זענען געוואָרן שטאַרק אויפגעבראַכט פאַר דעם דאָזיקן חילול־השם, האָבן זיי די צוויי היימישע מצורעים־יידלעך גערופן צום אומאַנער ראַבינער אויף אַ דין-תורה. נאָר ס׳איז שוין געווען אין די טרויעריקע ווינטער-טעג, ווען די דעניקין-זעלנער האָבן געווילדעוועט אין אומאַן. פונקט דעמאָלט האָט מען אַרעסטירט דעם ראַבינער. אויף דער אומגליקלעכער שטאָט האָבן זיך געדרוקט נייע מחנות פון רויב-פייגל, און אַזוי איז עס פאַרבליבן.

אין די דאָזיקע אבלים־טעג פון ווינטער, אין יאָר 1919, ווען די מאַכטלאָזע דעניקין-מאַכט האָט זיך אַמוזירט מיט אירע שוואַרץ-שיכורע

הריגה-טענץ אין יידישע שטעט און שטעטלעך, איז משה שטעלמאַכער געקומען פון גאָלאָוואַניעווסק קיין דובאָווע פאַרקויפן זיין שטיבל און פאַרנעמען ביי שאַבאָלינסקין דאָס ביסל געהילץ, וואָס ער האָט ביי אים איבערגעלאָזן.

אין שטעטל איז געווען אַ פריסטאַוו און אַן אוראַדניק פון דער פרעמד. די מיליציע איז געווען דיזעלבע און ברישקאָ האָט געוווינט אין דובאָווע, ווי אַ פריוואַטער מענטש ביי שקאָדניקן אין הויז, וועלכעס פייגע־וויטעלע האָט אַליין געירשנט פון איר יידישן זיידן מיט דער באָבען. אירע יידישע טאַטע און מאַמע מיט די קלענערע קינדער זענען נאָך דער גרויסער הריגה אַנטלאָפן קיין גאָלאָוואַניעווסק און איר שוועסטער, די צאַרטע און וווּנדער-שיינע עטלע איז פאַר צרות, וואָס אַנדריושע האָט זיך פון איר אָפגעזאָגט, אַוועק קיין אומאַן און איז דאָרטן געוואָרן אַ מיליטער-דאַמע צווישן די נאַציאָנאַל־שיכורע אָפיצירן פונם גענעראַל דעניקין. מיט זיי פלעגט זי טרינקען אין די רעסטאָראַנען און מיט זיי האָט זי זיך אַרומגעיאָגט איבערן שטאָט אויף נאַציאָנאַל־רוסישע „טראָיקעס”, פאַרהילכנדיק די שטום-דערשראָקענע יידישע גאַסן מיט איר פאַרשייט קלינגענדיק געלעכטער.

דימיטרי שאַבאָלינסקי האָט זיך אויך געפילט נישט שלעכט. פון די יידישע סחורות, וואָס די דובאָווער יידישע אלמנות האָבן אים געגעבן צו באַהאַלטן, האָט ער געעפנט אַ קלייט און איז געוואָרן אויס פראָלעטאַריער ביים שוסטער־וואַרשטאַט. די יידישע ווייבער פלעגט ער ענטפערן, אַז אַלץ, וואָס זיי האָבן ביי אים איבערגעלאָזן, האָט מען אַוועקגעגנבעט. דיזעלבע תשובה האָט ער אויך געגעבן משה שטעלמאַכערן, ווען ער איז צו אים געקומען נאָך דעם ביסל געהילץ.

זיין שטיבל איז אויך געווען חרוב. דאָס מעבל האָט מען צוגענומען, די פענסטער און טירן אויסגעבראָכן. אפילו דעם קעלער האָט מען צעגראָבן. געבליבן זענען נאָר די הוילע אַרומגעפליקטע ווענט.

אַזוי קלאָגעדיק האָבן שוין אויך דאַן אויסגעזען די ביידע שולן. דאָס פאַראַקערטע און פאַרזייטע פעלד, ווו ער האָט נישט לאַנג מיט זיינע אייגענע הענט חנניהן מקבר געווען, אַריינשטעלנדיק ג.פ.ז אַ שטעקן מיט זיין אויסגעקריצטן נאָמען צוקאָפנס, האָט ער קוים

געקאָנט דערקענען, אַז דאָס איז אַמאָל געווען דער דובאָווער בית־עולם.

מיט אַ געדריקט און צעבראָכן געמיט האָט ער זיך געאײַלט דעמזעלבן טאָג צו פאַרלאָזן די חורבות פונם אַמאָליקן יידישן שטעטל. נאָר מיטאַמאָל האָט מען אים דערמאָנט, אַז ער איז דאָ אַמאָל אַ קהלס־מאַן געווען. גייענדיק אין גאַס, האָבן אים אָנגעכאַפּט די צוויי גוים, וואָס ער האָט בײַ זיי נאָך דער גרויסער הריגה געדונגען צוויי פורן, אַוועקצושיקן די דובאָווער יתומים קיין טאַלנע און זיי האָבן זיך געמוזט אומקערן מיט די קינדער צוריק פון מיטן וועג, ווייל טאַלנע זענען באַפאַלן באַנדיטן. האָבן זיי איצט בײַ אים געמאָנט די זיבן טויזנט רובל, וואָס ער האָט זיך דעמאָלט מיט זיי באַדונגען. מיט סאַמאָסוד האָבן זיי אים געדראָט, אויב ער וועט דאָ אויפן אָרט נישט באַצאָלן דאָס געלט.

משה איז געווען פאַרצווייפלט. קוים האָט ער זיי אײַנגעבעטן אַרײַנצוגיין מיט אים אין וואָלאָסט, דער סטאַרשינע זאָל אויסהערן זייערע טענות, און ווי אַזוי יענער וועט זאָגן, אַזוי וועט זיין. נאָר דער סטאַרשינע האָט אים געגעבן אַ גוט שטיקל אַרבעט. ער האָט אים באַפוילן צו פאָרן מיט די גוים קיין טאַלנע און מאָנען בײַ די טאַל־נער יידן דאָס געלט, ווייל ס'איז געווען פון זיי אַ קוויטל, אַז זיי וועלן באַצאָלן און דיביידע פויערים האָבן אים געצוווּנגען, ער זאָל מיט זיי פאָרן קיין טאַלנע.

נאָך דעם גרויסן צער האָט ער ערשט דאָרטן איבערגעלעבט. די טאַלנער יידן האָבן זיך פונם קוויטל נישט אָפּגעזאָגט, נאָר זיי אַליין האָבן ביז דער צייט געהאַט איבערגעלעבט אַזויפיל הריגות און רויבערייען, אַז די זיבן טויזנט רובל האָט מען גלייך אויפן אָרט נישט געקאָנט באַצאָלן. דאָך האָט זיך געפונען אַ ייד, וואָס האָט אויסגעליען קהל דאָס געלט און די צוויי דובאָווער פויערים האָבן באַפרייט דעם אַרעסטירטן משה שטעלמאַכער, וועלכן זיי האָבן גע־דראָט מיט טויט־שטראָף.

קיין דובאָווע האָט ער זיך שוין מער נישט אומגעקערט.

אין גאָלאָוואַניעווסק איז נאָך אים באַשערט געווען איבערצו־לעבן די דעניקין־הריגה און מער קיין יידישן פחד פאַרן לעבן האָט ער שוין נישט געקאָנט ליידן. אַזוי ווי די באָלשעוויקעס האָבן צוריק פאַרנומען אוקראַינע, איז ער מיט זיינע זעקס אויסגעמאַטערטע נפשות

אַוועק אינם גליקלעך-יידישן אָדעס, וועלכער האָט נישט געוווסס פון קיין יידישן צער און צאָרן, ווייל די שטאָט ליגט ביים אָפענעם ים מיט ברייט-געעפנטע פענסטער און טירן אין די קולטורעלע לענדער פון איירָאָפּע און אַמעריקע. האָבן זיך די אוקראַינער און רוסישע נאַציאָנאַל-פּאַטריאָטן געשעמט דאָ איינצואָרדענען אַזעלכע הריגה-טעג און הריגה־נעכט אויף יידן, ווי זיי האָבן עס געטון אינעווייניק אין לאַנד.

געוועז איז עס שוין זומער אין יאָר 1920.

# מד.

צו דער צייט האָבן די באָלשעוויקעס געשאָסן מאַרקעלאָ בריש-קאָ. ווען ער איז געזעסן אין אומאַן אַרעסטירט, איז פייגע-וויטעלע אַרומגעגאַנגען צווישן די דובאָווער היימלאָזע קליינבן חתימות פאַר זיינטוועגן, אַז ער, מאַרקעלאָ, איז געווען אַ לייטישער מענטש, נאָר די דובאָווער יידן האָבן איר קיין חתימות נישט געוואָלט געבן. דאָס מאָל, ווען דאָס שטעטל מיטן בית-עולם זענען שוין געווען באַוואַקסן מיט בליענדיקן פעלד און גאָרטן און אפילו דאָרט, ווו די שולן זענען געשטאַנען, האָט מען אויך פאַרזייט קאַרטאָפלעס—האָבן זיי זיך דאָס מאָל פאַרגונען דעם לוקסוס נישט צו שיצן מיט קיין יידישע חתימות קיין באַנדיטן.

פייגע־וויטעלע איז דערפאַר זייער בייז געווען אויף די דובאָ־ווער יידן. נאָר דערנאָך האָט זי זיך באַרויקט. נאָכן מאַנס טויט איז זי אַרויסגעפאָרן צוריק קיין קאָרזשאָווע און איז אין דער דאָרטיקער פּאָלקס-שול געוואָרן אַ לערערין פון דער אוקראַינישער שפּראַך, און בעתן יריד אין דובאָווע פלעגט זי ווידער קומען אַן אויסגעצירטע אין קרעלן און אין סטענגעס, ווי די פויערים־טעכטער פון אוקראַי-נע. אין גיכן איז פייגע־וויטעלע אויך געטרייסט געוואָרן אין איר עלנטער אלמנהשאַפט. געטרייסט האָט זי אַ צווייטער פּאָגראָם־אינטע־ליגענט. דער געוועזענער פּוילישער עקאָנאָם פון די קאָרזשאָווער פּריצישע גיטער, וועלכער איז געווען ברישקאָס אַ טיכטיקער מיטאַר־

בעטער ביים אָרגאַניזירן די ערשטע יידישע הריגה אין דובאָווע, האָט זיך פאַרליבט אין מאַרקעלאָס אלמנה און האָט מיט איר חתונה געהאַט.

דעם נחת פון איר האָבן געזען די דובאָווער היימלאָזע פון אומאַן, וועלכע פלעגן זיך שלעפן קיין דובאָווע אַלע דאָנערשטיק אויפן יריד, עפּעס צו פאַרדינען אויף דער הוצאה. דערביי האָבן זיי יעדעס מאָל געהאַט אַן אַרבעט ביי דער „גלינישטשע", צו גיין מיט אַ מנין פאַרשיטן די יידישע ביינער, וואָס האָבן זיך אויפגעדעקט צווישן די גריבער, ווו די גוים פלעגן נעמען ליים, צו שמירן זייערע שטיבלעך. נאָר די דובאָווער יידן פונם יריד זענען שוין דערצו געוויינט געווען. אַלע זענען זיי געווען דערשלאָגן, היימלאָז, אָפּגעריסן און הונגעריק, און אָפטמאָל האָבן זיי די טויטע מקנא געווען.

און זכריה קאָזאָדאָי האָט נאָך געזוכט נקמה צו נעמען פאַרן טויט פון זיינע צוויי קליינע קינדער. אַ באַליידיקטער און אַ פאַרביטערטער, האָט ער געזוכט אַ געראַכטן משפט ביי דער מאַכט פון די רוסישע סאָוויעטן. צו דער דאָזיקער אַרבעט האָט ער אויך צוגעצויגן אַ צוויי היימלאָזע יונגעלייט פון דובאָווע, וועלכע האָבן אין דער גרויסער הריגה פאַרלוירן טאַטע און מאַמע מיט ברידער און שוועסטער. און די דאָזיקע האָבן אָנגעוואָרפן אַ פחד אויף די דובאָווער גויעשע גאַסן. פונם גאַנצן אַרומיקן פויערים-ישוב מיט די גרויסע דערפער און „כוטאָרעס", וועלכע זענען אַלע געווען שותפים צום רויב און מאָרד פון דער יידישער באַפעלקערונג, האָט זכריה אַרויסגעגעבן דער אומאַנער „טשעקאַ" סך-הכל אַכט באַנדיטן-יונגען, וואָס ער האָט געפונען שולדיק אין דעם טויט פון זיינע קליינע קינדער. נאָר אַלע האָבן זיי געצייטערט. אַלע האָבן זיי געפילט, אַז זייערע הענט זענען איינגעטונקט אין אומשולדיק יידיש בלוט פון אַלטע לייט און עופּל-קינדער, וועלכע זיי האָבן אויף דער מוטערס ברוסט געשחטן.

און דעריבער האָט דער גרויסער און רייכער פויערים-ישוב פון דובאָווע מורא באַקומען פאַרן היימלאָזן יידישן נע-ונדניק זכריה קאָזאָדאָי.

## מ״ה.

און משה שטעלמאַכער איז אויך געבליבן דערזועלבער. קומענ-דיק קיין אָדעס, האָבן זיך אין אים ווידער אויפגעוועקט זיינע שוואַכ-קייטן צו כלל-אַרבעט. ער האָט זיך געפּרוווט אָרגאַניזירן די צוויי און דרייסיק היימלאָזע פאַמיליעס פון דובאָווע, וועלכע זענען אויך אַנטלאָפן פון די אוקראַינער שטעט און שטעטלעך אין דער געבענטש-טער יידישער שטאָט, ביים אָפענעם ים מיט די אָפענע פענסטער און טירן אין די געבילדעטע לענדער פון אייראָפּע און אַמעריקע.

משה האָט געוואָלט אָרגאַניזירן אין אָדעס אַ מין דובאָווער קאָ-לאָניע, אַלס אָנדענק פון דער אַלטער היים. צוליב דעם צוועק האָט ער זיך צונויפגערעדט מיט די גבאים פון דער שאַלאַשנער שול, מען זאָל אים געבן געלט אויף הוצאות, צו ברענגען פון טאַלנע די דו-באָווער ספרי-תורות און ביי דער שאַלאַשנער שול זאָל זיך אָרגאַני-זירן אַ דובאָווער מנין מיט זייער אייגענעם שוחט און בעל-תפילה, וועלכער איז אַהער אַנטלאָפן פון דובאָווע.

נאָר דער פּלאַן איז נישט אויסגעפירט געוואָרן, ווייל די רייכע שאַלאַשנער שול איז נאָך דער שרפה פון דער פייער-קול, וואָס האָט זי געטראָפן, ווען די דעניקין-אַרמיי איז אַריין קיין אָדעס אין אלול תרע״ט—איז אַליין געווען היימלאָז און איז פון דער ראַטן-מאַכט שטאַרק פאַראָרעמט געוואָרן.

און געבליבן איז עס נאָר אַ גוטער חלום פונם באַיאָרנטן דו-באָווער שוחט, וועלכער האָט זיך געוואַלגערט, אַ הונגעריקער, אויף אַ בוידעם-שטיבל אינאיינעם מיט זיינע ניין הונגעריקע קינדער און זיי-ער נערוועזע איבערגעשראָקענע מאַמע, אַ צענטע. געשטיצט האָבן אים די צוויי און דרייסיק פאַמיליעס פון דער אַלטער היים, כאָטש זיי זענען אויך געווען הונגעריק און האָבן זיך געוואַלגערט אין פינסטע-רע קעלערס און בוידעם-שטיבלעך צוגלייך מיט אים.

אינם חושך פון אַ קעלער האָט אויך געוווינט משה שטעלמאַ-כער מיט זיין קליין וואַרשטאַטל, צו טאָקן האָלץ-אַרבעט אינם גרויען שיין פון פענסטער ביי דער ערד. זיינע זעקס אויסגעמאַטערטע און איבערגעשראָקענע נפשות האָבן די ליכטיקע זון-שיין פון די אָדעסער

גאַסן נישט געקאָנט פאַרטראָגן. פלעגן זיי זיך אַרויסווייזן פון דעם קעלער-פינסטערניש אין דעם ליכטיקן דרויסן אַרויס, האָט זיך זיי באַלד פאַרדרייט די קעפּ. אַלע האָבן זיי זיך דערנערט מיט בלייכן טיי און האַרט־געבאַקענעם קלייען־ברויט, און וואַסערדיק־בלייך זענען אויך געוואָרן די בלוטן פון די דאָזיקע זיבן מענטשן. דערנאָך איז די בלוטלאָזיקייט געקומען אַזוי וויט, אַז די קלענערע קינדער זענען כסדר געשלאָפן. ווען די מוטער האָט זיי אויפגעוועקט, צו געבן זיי אַ שטיקל ברויט אין מויל אַריין מיט אַ וואַרעם ביסל וואַסער, האָבן זיי קיין כוח נישט געהאַט צו קייען און זענען ווידער געפאַלן שלאָפן.

דאַן האָט משה שטעלמאַכער גענומען טראַכטן, וואָס צו טון, אַז די פאַמיליע זיינע זאָל דאָ, אינם חושך פון אָדעסער קעלער-שטוב, נישט אַנטשלאָפן ווערן פון הונגער. ער האָט אין אָדעס נישט געהאַט מיט וואָס און ביי וואָס צו אַרבעטן. זומער, אין יאָר 1921, איז ער אַוועק אין זיין ווייבלס געבורט-שטעטל כאַשטשעוואַטע, אַז אירע ברידער זאָלן אין דעם קליינעם אָרט פון דער פּראָווינץ ראַטעווען זיינע קינ־דער פונם הונגער-שלאָף.

אַזוי איז דער פּראָלעטאַרישער קהלס־מאַן פון דובאָווע אַוועק פונם יידיש־גליקלעכן אָדעס מיט די אָפּענע פענסטער און טירן אין דער גרויסער וועלט אַריין צוריק אין אַ געפּלאָגט און צערויבט יידיש שטעטל פון פּאָדאָליע, צו זוכן זיך אַ נייע היים.

אָדעס, זומער, תר״פ.

